# אלע שריפטען

— פון —

# ש. פרוג

צווייטער באנד.

פאעזיע.

היברו פאבלישינג קאמפאני

85־83 קאנאל סטריט ניו-יארק.

1910.

# אינהאלטס־פערצייכניס.

## ציון־ליעדער:



## ראָמאַנטישע און לירישע ליעדער:

## קריטישע און סאַטירישע ליעדער:

## פראלאג.

ציה־אן זיעבען פאדעם פון הימלישען שיין,
ציה־אן זיעבען ליכטיגע שטראהלען,
זיי זאלען ווי גאלדענע סטרונעס מיר זיין
און לייכטען, און זינגען, און שאלען!...

מאי־גלעקעליך קלינגען אין פעלד און אין טהאל...
די טייבעליך ווארקען און פליהען,
צו הערען דעם זיסען און טהייערען קול,
די הייליגע ליעדער פון ציון.

עס ציהען זיך ליעבליך די רויז און דער זאנג
אין פעלד און אין גארטען — צו הערען
די ליעדער, אין וועלכע עס זענען פון לאנג
צונויפגעמישט פערל און טרעהרען,

די ליעדער, וואס שלאגען ארויס, ווי א קוואל,
פון הארצען און זידען, און בריהען —
די ליעדער מיט האניג, די ליעדער מיט גאל,
די ליעדער, די ליעדער פון ציון!...

I.

# קרבּנות.

---

אט שטעהט א יוד, א פרומער יוד,
ס'איז פּשוט א רחמנות,
ווי איצט, אין גלות, לייענט ער
דעם „סדר הקרבּנות״...

אַי, אַי! ווי שעהן דאס איז געווען,
בּשעת דער מזבּח
פלעגט בּרענען דארטען און עס פּלעגט
פון ווייטען געהן א ריח!...

אט פיהרען קנעכט א פעטען אקס,
וואס וועט א „עוֹלה״ ווערען...
די הערנער אויסגעגילדט; א קראנץ
פון רויזען אויפן שטערען...

אט פיהרט מען יונגע שעפּסעליך;
אט טראגט מען פרוכט פון גארטען
מיט טויבּען, בּוימאייל, זעמעל־מעהל...
קרבּנות — אלע סארטען.

דער כהן־גדול בענשט דאס פאלק;
די לוים זאגען שירה...
די פיעדעל הויבט דעם ניגון אן,
עס רופט זיך אב די לירע;

די צימבלען זינגען צוקער־זיס,
די טאצען האסטיג קלאפען;
עס הודעט־ברומט דער קעסעל־פויק, —
דעם אטהעם ניט צו חאפען...

אוי, וועה איז אונז! און דאס איז אלץ
פערפאלען!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ליעבעברידער!
ס'איז עפּיס נאך געוועזן, וואס איצט
מיר האבען שוין ניט ווידער:

קרבנות — אקסען, ציעגען, בעק?
ניין! אנדערע קרבנות
האט אונזער לאנד געבראכט אמאל,
נעאפפערט אהן רחמנות:

נבורים זענען דאס געווען, —
וואס האבען בלוט און לעבען
פאר זייער גאט, פאר זייער פאלק
מיט פרייד אוועק־געגעבען...

אויף די קרבנות וויין און קלאג,
מיין פאלק, מיט הייסע טרעהרען —,
פון זיי דער אנדענק זאל אין דיר
ניט אויסגעלאשען ווערען!...

ער זאל בעפלינעלען דיין גייסט,
ער זאל איהם ברענען, בריהען,
דו זאלסט געדענקען ביזן טוידט
דיין פאטערלאנד, דיין ציון!...



II.

# וואס מאכט די מאמע?

וואס הערט זיך, ברודער, אין דער היים?
וואס מאכט די אלטע מאמע?...
אך, ניט פערגעס זי, ניט פערשעם, —
זי איז קיין מאדנע דאמע:

זי איז פון יענער אלטער וועלט,
ווען מענשען פלעגען גלויבען,
אז נור א עכטער, שטארקער העלד
דארף זיין ביי'ם פאלק ערהויבען

נור דער, וואס ווייסט דעם עולם'ס שמערץ,
דעם ביטערען און שווערען,
און טראגט זיין יאך, און פיהלט זיין הערץ
און ווײנט מיט זיינע טרעהרען,

און פיהלט זיך גליקליך, פריש און גוט
ווען גאט בעשערט פערגיסען
דעם לעצטען הייסען טראפען בלוט,
דעם טויט פאר איהם געניסען...

די אלטע מאמע האט אמאל
נעהאט אזוינע ריזען,
וואס האבען שטארקייט אהן א צאהל
דער גאנצער וועלט בעוויזען.

זי פלעגט זיי קושען יעדע וואונד,
בעוואשען זי מיט טרערהרען...
וואס מאכט די אלטיצקע אצונד?
וואס לאזט זי עפּים הערען?...



III.

# דער מאמעס קלאג.

אין שטויב און אין שמוץ
פערלארען איהר גוטס,
פערלארען איהר לעצטע נחמה...
פערטריקענט, פערבליהט
און קוים וואס עס גליהט,
עס האלט זיך אין איהר די נשמה...

זי ליגט נעבען וועג...
עס ציהען זיך טעג,
עס געהען חדשים און יאהרען.
זי טראכט אהן א שיעור:
„—וואס איז דאס מיט דיר,
מיין זוהן, מיין בן־יחיד, געווארען?

אויב גוט איז דיר דארט,
דערמאהן זיך דאך פארט,
ווי מיר איז בעשערט זיך צו מיהען.
דערמאהן זיך, ווי לאנג
ליגט עלענד און קראנק
די אלטע אלמנה פון ציון!...

און איבּ דיר איז שווער,
טא קום־זשע אהער,
קום קינד מיינס, אהיים, צו דיין מאמען:
צוזאמען אי פרייד
געניסען, אי לייד,
און לעבּען און שטאַרבּען צוזאמען!..."



IV.

# אהן א ענטפער.

---

רבנים, גבירים, הערט דעם רוף,
נעהט ברייננט איהר די נחמה:
מיט רייכקייט שטארקען איהר דעם גוף,
מיט פרומקייט די נשמה...

ניטא קיין ענטפער... פוסט און שטום...
דער רב האט אלע מעלות,
וואס מען בעדארף, איז גוט און פרום
און זיצט און פסק'נט שאלות.

געשעפטען טויזענד האט דער גביר
אויף אלע העכסטע גראדען:
א פאבריקאנט און א באנקיר
און נעהמט דערצו פאדריאדען.

דער ערשטער האט צו טהון מיט גאט:
דער צווייטער — מיט'ן פריץ...
אך, ביידע האבען זיי חלאפאט
גענוג אין חוץ־לארץ!

– – – – – – – – – – – – – –

*
* *

מתחתן זיך זיין מיט דער „גאלדענער פאהן",
און האבען גרוים כבוד ביי קהל,
דערלעבען אוראייניקליך, בויען א קלויז
און שטארבען אין ארץ־ישראל —

אט דאס פלעגט זיך ווינשען דער עהרליכסטער יוד
און גלויבען, אז אמת צופרידען
איז ארץ־ישראל, וואס איהר איז בעשערט
צו זיין א בית־עלמין פאר יודען...



V.

# אייניקליך.

איהר הערט פון דערווייטען א וויינענדע שטימע?
דאס קלאגען זיך, עלענד און ארים,
די חורבות פון ציון; דאס זיפצען און וויינען
די אלטע צובראכענע קברים.

דאס וויינען די הייליגע אלטע מצבות —
פערשווארצט און פערפינסטערט געווארען;
דאס וויינט אונזער מאמע, וואס איז בײ די קינדער
אויף אייביג ארוים פון זכרון...

*
* *

ערקלערט דאס מיר, פריינד מיינע טהייערע,
איך קען דאס אליין ניט פערשטעהען;
ס'איז ממש דאך נאר א פערדרעהעניש,
וואס איז דאס מיט יודען געשעהען?

דאס בעסטע, דאס פיינסטע, דאס טהייערסטע,
פיעל מעהר פון דער גרעסטער רוָחה.
פלענט זיין בײ אונז יחוס: אי, גאטעניו,
דער ווארצעל, דער שטאם, די משפחה!..

א קלייניגקייט עפּיס — א איניקעל!
א צווייגעלע פון עץ־החיים,
רב נחום־צ׳עס אדער רב דוד׳לם
א לעבעדיג שטיקעל שירים!...

און קיינער זאל גאר ניט דערמאנען זיך
אויף דעם, אז מיר האבען פארצייטען
אויך זיידעס געהאט, ניט צו שעמען זיך
מיט זיי ניט פאר גאט, ניט פאר לייטען.

משה רבנו און דוד המלך
און גדעון, און שמשון, און דבורה,
יענע גבורים, וואס האבען געווארפען
אויף אונזערע שונאים א מורא;

יענע גבורים, וואס וואלטען אודאי
געוויינט מיט די בלוטיגע טרערען,
ווען חאטש א הונדערט־טהייל וואלטען זיי וויסען,
וואס יודען א אמאל ווען ווערען:

אויסגעדארט, אויסגעקווארט וואהנען אין שכנות,
אין פרעמדע געדונגענע דירות,
דארט וואו געטאגט — ניט גענעכטיגט ביי לייטען
און צאהלען זיי אייבּיגע שכירות...



VI.

# דער עגל.

מיר האט זיך געחלומ'ט: איך בין אין א מדבר
געשטאנען. א שטילע און ליכטיגע נאכט
האט רוהיג געשוועבט אויף די זאמדען און סקעליעס,
געצירט זיי אין הימלישען פראכט.

און איך האב דערהערט פון דער ווייטענס א שטימע,
א הייליגען, געטליכען קול:
„דו זעהסט די פערברענטע, צוואווארפענע שטיינער,
אט דא איז דער עגל געשטאנען אמאל,

„דער עגל, וואס יודעליך האבען פארצייטען
געמאכט און וואס משה האט דעמאלט פערברענט,
פערברענט און צושאטען דעם אש אינ'ם מדבר
אליין מיט די אייגענע הענד.

„עס איז פון דעם עגל קיין זכר געבליבען,
נאר איהם איז געוועזען בעשערט
צו אויפשטעהען ווידער און ווידער בעהערשען
מיט קראפט אייער זינדיגע ערד...

„ער לעבּט נאך, ער לעבּט נאך, דער גאלדענער אבּגאט
ער שטעהט נאך און פונקעלט און בּליצט,
נאר ניט אינ׳ם מדבּר אזוי ווי פארצייטען —
ער איז צו איך נאהענטער איצט:

„ער שטעהט צווישען אייך אינ׳ם בּיטערען גלות;
ער איז אייער ליכט אין די פינסטערע טעג;
ער איז אומעטום וואו איהר קעהרט זיך און ווענדט זיך,
אט וואו נור א סטעזשקע און וואו נור א וועג.

„א טריט ניט צו טהון אהן דעם גאלדענעם יחסן;
ער איז אייער הארר, אייער פאלקס־בּעל־הבּית...
מע גלעט איהם דעם רוקען, מע קוקט אין די אויגען,
מע שטופּט איהם דעם הדם גלייך אונטער דער נאז,

„מע גיט איהם אבּ כּבוד פון אלע פיער זייטען
מע בּענשט זיך מיט איהם, מע בּעריימט זיך מיט איהם
רבּנים, דיינים בּעשענען זיין נאמען
און בּוקען זיך, קניהען פאר איהם...

„רבּנים, דיינים, וואס ווייסען, פערשטעהען,
ווי טיעף איז די חרפּה, ווי גרוים איז די זינד
צו האלטען בּיים ענגל אין קנעכטשאפט דעם עולם,
דאס קראנקע און עלענדע קינד״...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

VII.

# „ביז משיח וועט קומען״.

יהי מונח עד שיבא אליהו.
(פון גמרא).

---

איהר געדענקט? אינ׳ם תלמוד ניט זעלטען קומט פאר
א דין־תּורה, א גאנצער פּראַצעס
וועגען געלט אדער חפצים, — מע קלערט און מע רעדט
און מע ארבּייט א גאנצען מעת־לעת:

איינער זאגט: „עס איז ראובן׳ס!״ דער צווייטער זאגט: ניין,
עס קומט שמעון׳ען, לוי׳ן... א כּלל
יעדער תּנא דערווייזט, אז נור ער איז גערעכט.
וואס־זשע זאגען אויף דעם די חז״ל? —

„לאז עס ליעגען בּיז וואנען ס׳וועט קומען צו געהן
אליהו־הנביא, און ער
וועט אודאי שוין פּסק׳נען ריכטיג דעם דין,
אלץ בּאשיידען — וואס, וועמען און ווער״...

---

יודען־לומדים, רבּנים! שוין צוויי טויזענד יאהר,
אז מע ארבּייט, מע טראכט און מען קלערט
וואס צו טהון מיט דעם ארימען יודישען פאלק,
אויף וואס טויג עס און וואס איז זיין ווערטה?

וואס־זשע, ברידער, זאגט איהר? קורץ און גוט: „מילא וואס,
לאז עס ליעגען און ווארטען מיט אייך,
ביז משיח וועט קומען צו געהן אויף דער וועלט
און דערלייזען אונז אלעמען גלייך״...

גאר ניט שלעכט, חלעבען, האט איהר געמאכט דעם פסק־דין
ובפרט אז דערביי איז פארהאן
א גמרא, אזוי ווי עס פאסט פאר א רב...
וואס־זשע דארף מען א בעסערען פלאן?

אונזער למדן וועט זיצען און קוועטשען די באנק,
עולם־הבא זיך אנגרייטען שען,
און דער גראבער עם־הארץ לאז ליעגען פערשטומט
ביז משיח וועט קומען צו געהן...

מיט׳ן גביר וועט מען שטעכען די אויגען אונז... גוט!
געלד אפילו דעם ממזר מאכט ריין...
און דער קבצן לאז ליעגען ניין איילען אין דר׳ערד
ביז משיח וועט קומען צו גערן...

לאז ער ליעגען און יעדערער זאל מיט די פיס
טרעטען איהם, גלייך ווי זאמד און ווי שטיין;
לאז ער ליעגען און פיהלען דעם ביטערען יאך
ביז משיח וועט קומען צו געהן...

לאז ער ליעגען אין בלאטע, אין טרויער אין שאנד,
אין א גליקליכע רגע ניט זעהן;
לאז ער ליעגען און ליעגען אין קרענק און אין לייד
ביז משיח וועט קומען צו גערן...

---

יודען־לומדים, רבנים! איינם פערלאנג איך פון אייך
אינ'ם נאמען פון גאט אונזער הארר:
איהר בעטראכט זיך נאר רוהיג, בעקלערט, וואס אויף אייך
די חז"ל וואלטען זאגען דערפאר?!...



VIII.

# שטעה אויף.

נײן ליעבער, ברודער, ארימאן!
שטעה אויף! שטעה אויף! עס איז פארהאן
א גאמ א שטארקער, ליעבער,
וואס מאכט אין לעבען אלע גלייך,
פון טרויער — פרייד, פון ארים — רייך,
פון שלאפסטען קינד — א גבור...

ניט פרעג בײ׳ם רב, ניט פרעג בײ׳ם גביר;
די אלטע צרות וועלען דיר
דעם רעכטען וועג בעווייזען.
שטעה אויף! שטעה אויף! וואש אב דעם שטויב
וואס פלעגט דיך מאכען בלינד און טויב;
זײ שטייף און הארט ווי אייזען!

גענוג, גענוג צו קנעטען ליים...
שטעה אויף! די מאמע רופט א היים!...
זאלסט ווי א אדלער פליהען!
א וועג א נייער הויבט זיך אן;
הויב אויף דיין גרויסע אלטע פאהן,
די פאהן, די פאהן פון ציון!...

IX.

# שולמית.

שולמית זינגט,
שולמית זינגט,
אין אלטען איילבערט־גארטען...
א יונגער קול,
א ליעבער קול,
צוגיסט זיך זים פון דארטען
זי זינגט, זי רופט:
דו, העלע לופט,
דו, הייסער, טיעפער הימעל,
וואכט אויף פון שלאף!
זאל זיין א סוף
צו אייער אלטען דרימעל.
צינד־אן, דו, נאכט,
אין הימעל־פראכט
דיין שטילען, בלויען פייער...
איהר הערט? איהר זעהט?

מיין חתן געהט.
מיין ליעבער, גוטער, טרייער...
ווי מיעד איז ער!
ווי ביטער, שווער
איז איהם דער וועג געוועזען!
געקריינקט, געדארט,
און אלץ גענוואַרט
ווען גאט וועט איהם דערלייזען.
שטעה אויף־זשע היינט,
מיין טרייסט, מיין פריינד!
ווער פריש און פרעהליך ווידער,
פערגעס דיין לייד,
וועק־אויף דיין פרייד,
גלייך־אויס די קראנקע גליעדער!
קום, קום צו מיר
איך וועל מיט דיר
מיין קראפט און האפנונג טהיילען
דו זאלסט קיין טרעהר
ניט וויסען מעהר.
דעם לעצטען קומער היילען?...

שולמית זינגט!...
ווי זילבער קלינגט
איהר ליעד – און רויזען בליהען...
שולמית זינגט,
שולמית זינגט,
דאס נייע ליעד פון ציון!...



# די תפלה.

„ברך עלינו יי אלהינו את השנה
הזאת ואת כל מיני תבואתה לטובה״.

---

איהר געדענקט, ווי שטיל און ערנסט,
אהן געוויין און קלאג,
בעטען מיר דעם בורא עולם
דריי מאל יעדען טאג,

„בענש, גאט, אונז דאס יאהר מיט פרוכט און מיט אויבסען,
פון שטורם און האגעל בעוואהר;
גיב טהוי און גיב רעגען די פעלדער און גערטנער
באשער א געראטענעם יאהר!״...

אוי, א ביטערער געלעכטער!
וואס איז דאס געשעהען?
גערטנער יודישע און פעלדער —,
האט איהר זיי געזעהען?

---

זעקס־זיעבען קרומע, איינגע געסלעך —
מיט שטויב און בלאטע פול;
א מארק, דריי קרעמלעך, א בית־עלמן,
א מרחץ און א שול,

צוויי אלטע, דארע, קווארע בוימלעך,
פון וועלכע גאנץ געשווינד
די ציעגען עסען אב די בלעטלעך,
די צווייגען ברעכט דער ווינד;

עס זעהט דער מענש זיין גאנצען לעבען
קיין גרעזעלע, קיין זאנג, —
דארט שטעהט דער חזן ביי דעם עמוד
און דאוועגט מיט געזאנג:

בענש, גאט, אונז דאס יאהר מיט פרוכט און מיט אויבסען,
פון שטורם און האגעל בעוואהר;
גיב טהוי און גיב רעגען די פעלדער און גערטנער
באשער א געראטענעם יאהר!"...

---

א מלמד זיצט אין חדר.
שרעקליך איז דער הוסט,
וועלכער רייסט זיך פון זיין דארע
אויסגעקרענקטע ברוסט;

ווי א שטיין, אי הארט, אי טרוקען,
ביטער ווי דער טוידט
איז פון וויעגעל ביז'ן קבר
איהם דאס שטיקעל ברויט

און אין איינגשאפט, קראנקהייט, הונגער
שמערצען אהן א צאל
בעט ער אויך דעם בורא־עולם
יעדען טאג דריי מאל:

„גיב אונז, גאט, א גוטען זומער,
גרינעס, פרישעס גראז,
טהוי און רעגען, פרוכט און אויבסען,
תבואות אהן א מאס"...

---

אט איז א פאקטאר אין אכסניה,
א משרת פאר דער גאנצער וועלט;
ניטא פאר איהם קיין שלאף, קיין אברוה,
קיין טאג, און נאכט, קיין היץ און קעלט;

ער געהט און לויפט וואוהין מען יאגט איהם;
ער איז צו אלץ געוואוינט פון לאנג;
פארקויפען, קויפען, טראגען, שלעפען;
און אפט בעקומט ער פאר א דאנק

א זידלעריי, א גראבע קללה,
און, אז עס קומט אריין אין קאפ
דעם פריץ נאך א דריי־פיער כוסות,
פליהט אויך א גוטער, הייסער קלאפ...

דעם גאנצען טאג, פערשמאכט, פער׳חושכ׳ט,
לויפט אוים ער צוואנציג מאל די שטאדט;
פארנאכט שטעלט ער זיך מנחה דאוונען
און בעט דעם ליעבען, גרויסען גאט

אויף מהוי און רעגען פאר די פעלדער.
אויף זיסע פרוכט, אויף גרינע גראז.
אויף גארבען פול מיט שווערע זאנגען,
אויף ווייץ און קארען אהן א מאס

---

אט געהט אנ׳אלטער יוד א שניידער.
געלערענט האט ער זיך ניט פיעל.
נאר ער איז קלאר אין דער מלאכה,
שניידט־צו און נעהט ווי יעדער וויל

פון דארף צו דארף מיט שעהר און נאדעל
געהט ער ארום די גאנצע וואך
איז גרייט און פלייסיג צו דער ארבייט
ווי נאר א רים, ווי נאר א לאך.

א גילדען נעהמען אויב ס׳איז מעגליך
איז גוט אודאי: נאר, פאר נויט.
נוצט אויך א ביסעל מעהל מיט גרויפען,
קארטאפליעס. הירש, א לאבען ברויט;

אפי די זינדיגע נשמה
צו אונטערהאלטען, קינד און ווייב
נים לאזען הונגערען — און טראגען
א שטיקעל העמד חאטש אויפ'ן לייב.

און אייביג ווארטענדיג און האפען
פון פרעמדע הענד דאס שטיקעל ברויט
צו שחרית, מנחה און צו מעריב
איז ער מתפלל ביזן טוידט

אויף טהוי, אויף ווארעמקייט און רעגען
פאר פרעמדען גארטען, פרעמדע פעלד
פון וועלכע נאר צו קלייבען ברעקלעך
איז ער געבארען אויף דער וועלט...

---

אט נעהט א בעטלער. אין א שטעדטיל,
וואו ס'איז פון עק ביז עק
אויך ביי די פיינע בעלי־בתים
א ארעמקייט — א שרעק,

דארט געהט ער בעטלען אין די הייזער,
דארט קלייבט ער שטיקלעך ברויט,
וואס אפשר נאר א הונד פון הונגער
וואלט עסען זיי פאר נויט.

אויף וואס קאן ער אין לעבען האפען?
נאר הער זיך צו, בעטראכט —
אויך ער דער בעטלער, איז מתפלל
פריה׳מארגען און פארנאכט

אויף טהוי און רעגען פאר די פעלדער,
אויף פרישע, גרינע גראז,
אויף גארבען פול מיט שווערע זאנגען,
אויף קערנער אהן א מאס...

---

דו, ליעבער גאט, דו, שטארקער גאט,
געשטראפט מיט גרויסע לייד און צארען —
אין נויט און טרויער, שאנד און שפאט
א בעטלער איז דיין פאלק געווארען...

דערבארעם זיך! גיב אויף דער וועלט
איהם חאטש א שטיקעל גליק דערזעהען:
גיב איהם אנ׳איינען, אייגען פעלד
אליין צו אקערען און זייען.

גיב איהם א וואלד, א גארטען; גיב
איהם זיינע אלטע לייד פערגעסען —
ער זאל דערפיהלען ווי ס׳איז ליעב
אנ׳אייגען שטיקעל ברויט צו עסען.

און צו דער ארבייט פריש און גרייט —
זיין אלטעס, קראנקעס הערץ דערקוויקען —
זאל ער מיט האפנונג און מיט פרייד
צו דיר די ליעבע תפלה שיקען:

בענש אונז, גאט, דאס יאהר מיט פרוכט און מיט אויבס
פון שטורם און האגעל בעוואהר;
גיב טהוי און גיב רעגען אויף אונזערע פעלדער
גיב אונז א גערא‎טענעם יאהר!"



# א בלעטעל ודוי.

(1890)

---

ווי פויל און ווי שלעפעריג קריכען די טעג,
ווי גיך אבער פליהען די יאהרען!
ווייט, ווייט איז נאך ביז צו דעם עק פון מיין וועג,
און זעהט, ווי איך בין שוין פער׳חוֹשכ׳ט געווארען!
נעבויגען דער רוקען און גרוי איז דאס האר,
פערטריקענט די באקען, אין קנייטש׳ען דער שטערען,
די אויגען פערטונקעלט פון ביטערע טרעהרען...
אך, ברידער! —מיר גערט ערשט דער דרייסיגסטער יאהר?...

„בן שלשים לכּח!" — נו טאקע, ווי דען?
איהר ווייסט דאך, דאס זאגט די גמרא...
טא נעהמט־זשע, זייט מוֹחל, איך בעט אייך, א פען,
און רעכענט נאר אויס, קיין עין־הרע,
א קימא לן, ווי פיעל דארף זיין איבעראל
ביי יודען גבוֹרים? — א שרעק בנאמנוֹת!
אין לוּצין, אין פינסק, אין בערדיטשעוו—א כּלל
א פאלק פון גבוֹרים — אנ׳אימה, סכּנוֹת!

א פאלק פון גבורים! און ווי נאר א יוד —
א גלית הפלשתי, א שמשון הגבור!
עס קאכט ווי א קעסעל, עס ברומט און עס זידט,
עס ציטערט די ערד אונטער איהם ווי פון פיבער,
מע ארבייט, מע הוליעט, מע טרינקט און מע עסט,
מע באדט זיך אין שפע; און וואו נאר א הייזעל,
און וואו נאר א מנין, און וואו נאר א קלייזעל —
א לאגער פון לייבען, פון אדלערס א נעסט!

אך, לייבען און אדלערס! איך בין אויך אמאל
אנ׳אדלער געוועזען: מיט ליכטיגע אויגען,
מיט קראפט און מיט האפנונג אויף בערג און אויף טהאל
אויף טייכען און פעלדער געשוועבט און געפלויגען;
מיר האבען די שטערען פון הימעל געגריסט,
די וואלקענס צו פיסען געשפרייט זיך,
די וועלדער געזונגען, די טייכען געפליסט —
געזונגען, געשיינט און געפרעהט זיך,

די וועלדער און פעלדער ארום און ארום,
די וואלקענס און שטערען, די טייכען און קוואלען,
דאס גרינינקע בלאט און די ראזאווע בלום —
בעשפריצט מיט דעם טהוי און בעשיינט מיט די שטראהלען—

דער זילבערנער שניי און דער גאלדענער זאנג,
די ערד און דער הימעל פון אונטען און אויבען —
אלץ, אלץ האט געזונגען פון האפנונג און גלויבען,
און זיס איז געווען זייער ליעבעס געזאנג!

די גאנצע נאטור איז מיין רבי געווען:
זי האט מיך געלערענט אי זינגען, שפּיעלען,
זי האט מיך געלערענט אי דענקען, אי פיהלען,
זי האט מיר געצייגט וואס איז מיאוס און וואס שעהן,
דאס הארץ זאל זיין פריש און דער קאפּ זאל זיין ניכטער
צו אלץ זאל איך האבען א וואג און א מאס...
און איך בין געווארען, צו מזל, א... וואס?
א דיכטער, רבותים, א יודישער דיכטער!

איהר ווייסט וואס דאס איז? וואס דאס האט פאר א ווערטה?
פון וואנען דאס נעהמט זיך?... אך, לאזט מיך צופריעדען!
פערשאלטען איז דער, וועמען גאט האט בעשערט
צו זיין א משורר... ביי יודען!
א משורר — א כלי־זמר, א בדחן איז ער:
א גראם און א ווערטעל, א ליעדעל, א ניגון,
א דרעה זיך אהין און אקרים זיך אהער —
דער עולם זאל האבען פון איהם פערגניגען.

און וועה איז צו איהם, אויב עס זיצט אין זיין ברוסט
א לעבעדיג הארץ, פול מיט ליעבע און צארען,
וואס לאזט איהם ניט מאכען צו שפאט און צו לוסט
די ארפע, וואס איז איהם געגעבען געווארען
ער זאל אויף איהר שפיעלען דאס היילינע ליעד
פון האפנונג און ליעבע. ער זאל מיט זיין שפיעלען
ערוועקען די גוטע און ריינע געפיהלען
פון טרייהייט און עהרליכקייט, פריינדשאפט און פריעד.

יא, וועה איז צו איהם! — ער וועט זיין ווי דער קול
וואס שרייט אין דער מדבר צו שטיינער און ביינער:
עס וועלען איהם הערען דער בארג און דער טהאל,
דער וואלד און דאס פעלד... אבער מענשען—ניט איינער!
א יוד וועט זיך נעהמען דאס בערדעל אין האנד,
וועט שטעהען דעם קאפ אויף א זייט אנגעבויגען,
וועט הערען מיט אויערען, קוקען מיט אויגען
און טאקע פערשטעהען... אזוי ווי די וואנד!...

אך, זאגט מיר, ערקלערט דאס מיר ריכטיג און גוט
וואס איז דאס מיט יודען געווארען? —
אזוי פיעל געלימען אין שרעק און אין צארען,
אזוי פיעל פערנאסען אי טרעהרען, אי בלוט;

א טאג געהט ניט פאָר, וואס ער זאל ניט צוקראצען,
צושטעכען א מכּה אט וואו נאר א גליעד;
עס שיטען זיך צרות ווי באָב — און א יוד? —
א יוד דארף א כּלי־זמר מיט פּויקען און טאצען.

א בּדחן מיט גראמען און ווערטלעך; אט דאס
פערשטעהט ער, אויף דעם איז ער, זעהט איהר, א מבין;
עס וואקסט אין איהם פּשוט דאס הארץ ווי אויף הייוען,
ער טרינקט פון דעם נחת און פרייד אהן א מאס;
א פּשטל א ווערטעל, א נגון, א ליעדעל,
א מעשה, א חידה, א גראם און א שפּיעל...
פאר וואס־זשע זינגסט דו אזוי טרויעריג, שטיל,
מיין, פיעדעל. מיין אלטע, צובּראכענע פיעדעל?

וואס ווייגען און זיפצען די סטרונעס אזוי?
עס גיסט זיך א קלאג פון אנ׳אבל:
„פיעל יאהרען צוריק אויף די טייכען פון בּבל,
אין אייזערנע קייטען, אויף שטיינער און שטרוי
איז עלענד געלעגען די טאכטער פון ציון
די וויסטע אלמנה"... „— נו, זינג־זשע מיר היינט
די ליעדער פון ציון"!... האט צו איהם געשריען
דער פרעהליכער, גליקליכער פיינד.

„ניין, איך וועל ניט זינגען די טייערע ליעדער,
די ליעדער פון ציון, פון הייליגען לאנד
פאר יענעם. בײַ וועלכען אין בלוט איז די האנד...
זייט שטאלץ, מיינע קינדער, זייט שטאלץ, מיינע ברידער!
בעהאלט זיי, די טייערע ליעדער, פערשליעסט,
בעגראבט זיי אין אייער פערקוּמערטען הערצען,
הילט איין זיי אין אייערע ליידען און שמערצען,
בעדעקט זיי מיט ליעבע, מיט טרעהרען בעגיסט!"

איך זעה זי אין רוים צווישען בערען און לייבען,
וואס רייסען אויף שטיקער איהר עלענדע ברוסט...
איך זעה זי אין שפאניען, צו שפּאט און צו לוסט
איהר רייכטהום, איהר נאמען, איהר כבוד, איהר לעבען...
איך זעה זי אין פינסטערע וועלדער אליין,
אויף טייכען און ימים פון אלע פיער זייטען, —
און זיכער און שטאלץ, הויך און קרעפטיג, און ריין
טהוט פליהען צו מיר איהר צואה פון ווייטען:

„— זייט שטאלץ, מיינע קינדער! זייט ערענסט, בעשענט
דעם הייליגען נאמען, מיט וועלכען פארצייטען
איהר האט געשטאלצירט אי פאר גאט, אי פאר לייטען!
היט אב און בעשיצט אייער עהרע; בעקריינט

דעם ליעבען און טייערען נאמען פון ציון...
זיים שטאלץ, מיינע קינדער!...״

אט דאס איז רב יוד,
פון אנפאנג געוועזען דאס איינציגע ליעד.

צו וועלכעס מיין הארץ פלעגט זיך רייסען און ציהען.
דאס הייליגע ליעד זינג איך, ברידער, אויך איצט —
עס טריפט פון מיין הארצען מיט בלוט און מיט טרעהרען!
עס לויכט מיר אין לעבען, עס פינקעלט און בליצט,
אזוי ווי ביינאכט אין דער פינסטער די שטערען.
מיט פיעל שווערע, זומפיגע, פינסטערע טעג
האט גאט מיך געטהון אין מיין לעבען בעשטראפען;
פיעל גריבער, פיעל שטיינער געטראפען.

נאר איינס איז מיין טרייסט: זאל עס זיין נאך גאנץ ווייט
און לאנג נאך צו ווארטען —, איך האף אבער, ברודער,
איך גלויב: עס וועט קומען א ליכטיגע צייט
פאר מיינע פערוויינטע, פעריאמערטע ליעדער;
עס וועט זיך געפינען אנ׳ערנסטעס הערץ,
א לעזער, וואס וועט צו מיר זאגען:
„וויש אב דיינע טרעהרען און טהו אב דיין שמערץ:
דיין ליעד אין מיין הארצען וועל אייביג איך טראגען!״

# ציון.

---

ווי וואלקען אין שטורם־ווינד, לויפען און פליהען
אהן אנפאנג, אהן אויפהער די שטונדען און טעג;
די אלטע אלמנה — די טאכטער פון ציון
זיצט טרויעריג, איינזאם בײ'ם וועג...

פיעל רייזענדער פאהרען פארביי איהר און געהען,
זי ווענדט זיך צו זיי מיט א ביטער געוויין:
„אך, זאגט מיר, צי האט איהר מיין קינד ניט געזעהען,
מיין עלענדען יתום?...„— ניין, אלטיטשקע, ניין!"...

זיי געהען און רייטען
פון אלע פיער זייטען
צו'ם אלטען מזבח אין היילינען לאנד...
די טאכטער פון ציון
טהוט ווינען און קניהען,
אין שטויב צו פערבארגען איהר וועהטאג און שאנד...

עס גערען און גערען א טאג נאך א טאג,
עס פליהען די וואלקען, עס יאמערט דער ווינד:
און טרויעריג גיסט זיך א ביטערער קלאג:
— וואו ביסטו, וואו ביסטו, מיין קינד?!״



# „איכה".

מה אשוה לך ואדמך,
בתולת בת-ציון ?...
(איכה, ב'.)

די זון געהט אונטער, טונקעלער און לענגער
צושפרייטען זיך ארום די שאטענס אויף דער ערד;
די אלטע בוימער שטעהען ווי פערקלערט;
דאס סטעזשקילע אין וואלד זעהט אויס אלץ שמאלער, איינגער:
דער אווענד־שטערן גיסט זיין שטילע, קאלטע שיין...
שלאף איין, מיין קראנקעס הארץ שלאף איין!...

די נאכט איז שטום, די נאכט איז טויט... נאר ווער
שטעהט אויף פאר מיר? א בילד, א בילד אוס אלטע צייטען
שוועבט, וויעגט זיך ווי א שאטען פון דערוייטען...
איך קוק זיך איין אין דעם געשטאלט... איך הער
א ווידערקלאנג פון וואפען, פון געוועהר...
איך זעה די פאהן פון רוים... די פאנצערס גלענצען, גליהען...
די טויערברעכערס קריכען האסטיג, שווער...

די טורמען פאלען איין... די אלטע אדלערס פליהען
אויף דיינע חורבות, אומגליקליכע ציון!...
און ווי א קוואל פון גיפט זידט־אויף און שלאגט אין מיר
דער אלטער האס, דער טיעפער האס צו דיר,
בת־בבל, בייזע שלאנג! צו דיר, מיין גרעסטער שונא,
רוים! רוים ! ! . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

* *
*

צי זעה איך אין חלום דאס שרעקליכעס בילד?
מיר דאכט זיך—„ער" שטעהט אויף מיין בעט אנגעבויגען..
עס פונקלען פערוואונדערט אויף מיר זיינע אויגען...
זיין שטימע קלינגט רוהיג, זיין שטימע קלינגט מילד:
— „וואס האסטו צו מיר? וויפיעל הונדערטער יאהרען
פערפאלגען מיין זכר דיין האס און דיין צארען!...
בעקלער דאס, בעטראכט — ווי נאַאיוו און ווי ווילד!
„— יא, אמת, מיין קראפט און מיין מאכט צו בעווייזען
בין פריי איך געגאנגען מיט שטאהל און מיט אייזען,
די טורמען, די פעסטונגען, טהויער און ווענט
געשמויסען, געבראכען, צוהאקט און פערברענט;




אי קינדער, אי זקנים, געקוילעט, געשאסען,
די גאסען מיט בלוט און מיט טרעהרען בעגאסען;
איך בין אין דיין היילינגען טעמפעל אריין,
דיין ווײרעך, דיין זעמעל־מעהל, בוימאייל און וויין,
דיין שמן־המשחה, דיין לחם הפנים,
די איידעלסטע זאלבען, די טייערסטע בשמים
צעווארפען, צושפריצט אויף די ווענט, אויף דער ערד,
צומישט און פערטרעטען אין קויט פון די פערד...
צו שאנד און צו שפאט איז דיין כבוד געווארען —
די ריינע מזבחות, די כרובים, דער ארון,
דיין קראפט און דיין פרייהייט, דיין שווערד און דיין שילד...
יא, גמאס דארף זיין דיר מיין שרעקליכעס בילד,
פערשענדעט מיין נאמען, פערהאסט יעדער אבר
פערשאלטען אפילו די ביינער אין קבר...
איינס אבער פערגעס ניט — ווי פרעמד און ווי ווייט
מיר זענען געוועזען אין אונזערע צייטען
פון איצטיגען לעבען, פון איצטיגער צייט,
זאג אפען און ערנסט פאר גאט און פאר לייטען —
וואס האסטו צו מיר? יא, איך, רוימישער העלד.
איך, טיטוס „הרשע", בין אפען געגאנגען,
ניט חנפנ'ען גאט און ניט נארען די וועלט,




קיין שם־טוב און קיין עולם־הבא פערלאנגען;
פריי, אפּען געשוואומען מיט אייזען און שטאהל
אין בלוט און אין טרעהרען אויף בארג און אויף טהאל.
געשטאכען, געשאסען, געטריבּען און געפאנגען.
קרבנות געשעכט אהן א מאס, אהן א צאהל,
דערפאר אבער האב איך קיין פרומע העזיות,
קיין זיסינקע מינעם פאר קיינעם געמאכט.
קיין אויסריידען פאלשע, הסכמות און ראיות —
אז איך בין גערעכט — ניט געזוכט, ניט געבראכט...
גערעכט! נו, אודאי: מיין קופּערנער פאנצער,
מיין שטאלענער שווערד און מיין אייזערנע האנד.
מיט וועלכע א תל מאכען בין פון דער גאנצער
פערציטערטער וועלט איך געוועזען אימשטאנד —
מיין שווערד און מיין האק, מיינע שפּיזען און פיילען
וואס פלעגען צושפּאלטען אי פעלזען אי זיילען,
זיי, זיי זענען עדות געוועזען פאר דער וועלט,
אז איך בין גערעכט — איך, רוצח און העלד!...
מען האט מיט די גלאקען פאר מיר ניט געקלונגען
קיין ווייראך געריכערט, קיין תהלים געזונגען,
ניט הייליג געמאכט מיין רוצח׳שע האנד
כדי צו פארדעקען איהר בלוטיגען שאנד.

אזוי ווי דערנאך, פיעל־פיעל הונדערט יאהר שפעטער
אין איצטיגען רוים, וואו, מיט שפינוועבס און שטויב
בעדעקט, שטעהען אומעטיג, בלינד, שטום און טויב
די אלטע, די נארישע רוימישע געטער...
אין איצטיגען לעבען, אין היינטיגער וועלט,
וואו, פריי ווי אנ'אדלער און שטארק ווי א העלד,
פערשפרייט זיינע ריינע, אלמאכטיגע פליעגעל
איין־איינציגער ליכטיגער גאט, וועלכער הייסט
גענאד, בארעמהארציגקייט, ליעבע און טרייסט.
דער גאט, וואס אפילו א זויג־קינד אין וויעגעל
הויבט אן שוין צו ליעבען זיין כשר געזיכט
און ווארימען זיך אין זיין הייליגען ליכט . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

* *
*

די נאכט איז שטיל... א טיעפער דרימעל
בעהערשט די וועלט... ווי פינסטער, נאס
און איינג איז אונזער אלטע גאס!...
בעדעקט מיט וואלקען איז דער הימעל...
שלאף, קראנקעס הארץ!... איך פיהל, איך וויים —
די זונן מוז אויפגעהן העל און היים.

די נאכט, די שווארצע נאכט פעריאגען.
דערווייל... דו הערסט דאס ווילד געשריי
פון סאוועס? הערסט דאס וואיען, קלאגען
פון וועלף?... די נאכט איז פריי פאר זיי
ביז וואן ס'וועט אנהויבען צו טאגען...
טא געה־זשע, אלטער אבל, געה
די אלטע, אלטע „איכה" זאגען!...



# חנכּת־הבּית.

...ואין לנו רשות להשתמש בהן
אלא לראותן בלבד...

---

ווידער בּרענט דאס אלטע לעמפּעל
אויפ׳ן הויכען, שעהנעם ארט.
יעדעס הייזעל איז א טעמפּעל,
א מזבּח פונקעלט דארט.

וויפיעל צייט איז שוין אריבּער,
ס׳קלאפּט די עלטער שוין אין טהיר...
נאר מיר דאכט־זיך, אז דער ליעבּער
זיידע ווידער רעדט צו מיר:

— „זעהסט, מיין קינד? אכט גרויסע שטערען
געהען־אויף אין הימעל־פּראכט,
און די שאטענס בּלייכער ווערען,
העלער ווערט די שווארצע נאכט.

„ריין און הייליג, ליעב און טייער
דארפען אונז אויף אייביג זיין
זייער שטילער, מילדער פייער,
זייער ליכט און זייער שיין:

„פאר אנ'אייביגען זכרון
פון דעם נס אין יענע יאהרען,
ווען מיר האבען מיט'ן שווערד
אונז די פרייהייט אומגעקעהרט.

„האט אונז גאט די ליכט געגעבען;
נוצען זיי דערפאר אין לעבען
טאר מען ניט - א גרויסע זינד
וואלט עס זיין, מיין ליעבעס קינד!"...

ניין, זיידע! שוין צוויי טויזענד יאהר אז עס ברענט
די הייליגע מנורה, — און מיר?
מיר זיצען צונויפגעלעגט רוהיג די הענד,
מיר זיצען פער'חלומט, מיר זיצען פערבלענדט,
מיר זיצען און קוקען אויף איהר.

ניין! גרויס איז די ארבייט, וואס ליעגט אויף אונז; שווער
און ווייט איז דער הייליגער צוועק,

דער צוועק, וואס דארף זיין אונזער איינציג בעגעהר,
וואס רופט אונז צו שטרייטען אהן אייזען־געוועהר,
אהן פייער, אהן צארען און שרעק...

שווער, זיידע, און גרויס איז די ארבייט! פיעל טעג
און נעכט וועלען לאנגזאם זיך ציהען,
ביז וואנען מיר וועלען דערגרייכען צום ברעג...
טא ברען־זשע און שיין און בעלייכט אונזער וועג
דו, הייליגע מנורה פון ציון!...

ווי לאנג זאל ניט זיין נאך און פינסטער די נאכט, —
דו ביזט אונזער האפנונג, דו ביזט אונזער מאכט,
דאס גאנצע, דאס לעצט־ביסעל חיות;
דו דארפסט אונזער פיהרער און וועגווייזער זיין,
עס זאל אונזער ארבייט בעלייכטען דיין שיין,
ליכט, ליכט פון חנכת הבית!...



# תחית המתים.

עס לייכט און שיינט דער אבענד־שטערן
אין בלויען אייביגען געצעלט,
קיין איינציג וואלקענדיל אין הימעל,
קיין שטילעם ווינטעלע אין פעלד.

אלץ רוהט און דרימעלט שטיל און זיכער
און נור פאר דיר, מיין קראנקעס קינד,
נישטא קיין רוה, נישטא קיין פריעדען...
די נאכט איז טויב, די נאכט איז בלינד,

די שטערען פיהלען נישט דיין וועהטאג,
זיי זענען העל, נאר קאלט ווי אייז...
די סאוועס גלאצען מיט די אויגען,
עס פליהען שווארצע פלעדערמייז...

נאר אויף דעם אלטען בית־הקברות
איז וואך א פויגעלע און זינגט,
ווי פערעל שיטען זיך די טרעלען,
דאס ליעדעלע ווי זילבער קלינגט...

זי זינגט: „א גרוים אייך, אלטע קברים

א ליעבען גרוים האָב איך געבראכט...

ווי שרעקליך טיעף איז אייער חלום

און שרעקליך פינסטער אייער נאכט!

„נור פרעכטיג איז דער מארגען־שטערן,

וואס וועט – ערשיינענד העל און ריין –

בעלייכטען אייער שווארצען חלום,

דערוואַרמען אייער קאלטען שטיין.

„משיח געהט און ער וועט קומען,

דער גואל־צדק! יא, איך האף,

ער וועט אייך אויפוועקען צום לעבען

פון אייער לאנגען טויטען שלאף!“...

*

* *

דו נאַריש פויגעלע! דיין ליעדעל

איז מיר בעקאנט א לאנגע צייט:

„משיח געהט און ער וועט קומען“,

נאר – אוי, ווי ווייט איז ער, ווי ווייט!

די מתים קענען רוהיג ווארטען;

האַלב־טויטע זענען אבער דא –

א גאַנצעס פאלק פון הויט און ביינער...

ניטא פאַר איהם קיין טרייסט, ניטא,

ביז וואן – מיט קראפט, מיט הייסען גלויבען,
פון לאנגען, טיעפען שלאף ערוואכט –
ער וועט אליין, אליין פעריאגען
פון זיך די שווארצע, קאלטע נאכט...

יא, פריהער זאל דאס אלטע, קראנקע,
האלב־טויטע פאלק דעם שווערען שטיין,
פון זיך פערשטויסען; און פון קבר,
פון קבר אויפשטעהען אליין –

מיט שטארקע הענד, מיט פרישע קרעפטען
און מיט געפיהלען און פערשטאנד:
– ווי גוט, ווי זיס, ווי שעהן עס זענען
אנ'אייגען הויז, אנ'אייגען לאנד...

אט דעמאלט וועט משיח קומען, –
מיט גרינע גראז, מיט פרישע בלומען
בעדעקען אונזער טויטעם פעלד;
אט דעמאלט וועט דער מארגענשטערען
אונז אויפגעהן העל, און ליכטיג ווערען
וועט אונז ארום די גאנצע וועלט!...

# אויפ'ן וועג.

ויהי ידיו אמונה...

דארטען, וואו די בלומען
ווי פון שטאהל און קופער
אויסגעגאסען, דרימלען
אין דער מדבר־היץ;

וואו דער העלער־אבגלאנץ
פונ'ם בלאהען הימעל
שטעכט און בלענדט די אויגען,
און דער שטורמווינד

דרעהט אין ריעזען־זיילען
די צוגליהטע זאמדען,
פליהט און רוישט, און יאמערט
אויפ'ן טויטען פעלד,

דארטען קלינגען שווערדען,
דארטען זומען פיילען,
און ווי וואסער־שטראמען
גיסט זיך מענשען בלוט...

נאך דער זיסער שירה
אויפ׳ן ברעג פון ים־סוף,
נאך דעם ערשטען, פרישען
פרייהייטס לויבגעזאנג,

איז עמלקים חיל
אנגעפאלען פלוצלונג
אויף דאס יונגע, שוואכע,
ערשט בעפרייטע פאלק;

גאנצע ווילדער שפיזען
גלאנצען אין דער לופטען,
גאנצע האגעלם פיילען
שיטען זיך אויף איהם...

נאר דאס פאלק דאס יונגע,
שוואכע, ערשט בעפרייטע
פון דעם שווערען גלות,
פון דעם שקלאפען־יאך,

האט דעם פיינד בעגעגענט
מוטהיג, שטאלץ און זיכער,
רוישט און פליסט אנטקעגען
ווי א וואסערפאל.

און די אלטע הערשער
פון דעם טויטען מדבר
פאלען ווי די פליגען
פאר דעם יונגען פאלק!...

* *
*

אויפ׳ן בארג שטעהט משה.
פון די אווענד־שטראהלען
איז בעשיינט זיין פנים,
און א טיעפע פרייד

שטראהלט ארויס פון זיינע
געטליך ריינע אויגען,
יהושע׳ס ווערטער
הערענדיג: „— דו זעהסט,

„א, מיין הערר און פיהרער!
וואס איז דאס געשעהען?
איז דאס ניט א חלום?
דו דערקענסט זיי איצט?

„זיי — די ציגעל־קנעטער,
קראנקע און פערשווארצטע
פון עבודת־פרך,
איינגשאפט, נויט און לייד,

„נעכטען — קנעכט ביי פּרעה'ן,
פינסטערע און בלינדע
פּאַסטוכער אין גושן,
גראָבע, ווילדע... היינט —

„קעמפער און גבורים,
לעמפערטען און לייבען!...
זאָג, אָ, הערר, פון וואַנען
איז די קראַפט אין זיי?"...

„— פ ר י י ה י י ט, יהושע, —
ענטפערט משה — פרייהייט,
פרייהייט הייסט די גרויסע,
וואונדערליכע קראַפט.

אין די טיעפע, איינגע
שטיינבּרוכען און היילען,
אין די שוואַרצע גרובען
פון דעם קנעכטשאַפטס־לאַנד

איז די קראַפט געוואַקסען,
ווי אַ קוואַל בעהאַלטען
אונטער זאַמד און שטיינער
אין אַ וויסטען אָרט, —

„און זי האט צוריסען
איהרע שווערע קייטען,
און זי האט צובראכען
דעם פערהאסטען יאך,

„רוישט און פליסט, און גיסט זיך,
רייסט און ברעכט די צוימען,
ווי א שטראם א פרייער
אין די פריהלינגס־טעג...

„און דער שטראם זאל פליסען
ווייטער, ווייטער, ווייטער!
אויפן וועג צום נייעם
לעבען שטעהען גרייט

„שונאים נאך ניט ווייניג,
בייזע, שטארקע שונאים...
זאל־זשע די פערשטיקטע,
אויסגעקריינקטע ברוסט

„פון די ערשט בעפרייטע
פרעה׳ס ציגעל־קנעטער
אנטרינקען געשמאק זיך,
אנזאפטען זיך זאט

מיט דעם וויין דעם זיסטען,
מיט דעם וויין דעם שטארקסטען
פון נצחון! קיינער
זאל זיך אויפ'ן וועג

„זיי ניט שטעלען! קעמפפענד
דורכגעהן דעם צוגליהטען
מדבּר, פרייד געניסען
מיט דער פולער בּרוסט,

נאך דערבּיי מיט יעדען
הארצקלאפּ יעדען אטהעם
פיהלען און געדיינקען
יעדען אויגענבּליק,

„אז דער שטרייט מיט אלע
עֲמָלֵקִים, חִוִים,
פריזים און יבוסים
איז א מיטעל נאר

„דורכצוגעהן דעם גרויסען,
שווערען וועג, און קומען
צו דעם שטילען האפען.
צו דעם פריעדענס־בּרעג:

„כּנען, כּנען, כּנען!״ —
זאָל בּײַ זײ אין האַרצען
קלינגען װי אַ װיעגען־ליעד
װי אַ האָכצײַטס־ליעד.

„װי אַ כאָר פון זיסע,
פרישע פריהלינגס־שטימען,
און אהין זאָל בּײַנקען,
ציהען זײער האַרץ —

„צו אַ הײם אַ שטילער,
צו אַ הײם אַ ליעבּער,
װאו עס זאָל דער פאָלקס־גײַסט
זיך ענטװיקלען פרײַ.

„אױפבּליהען אין רײנעם,
זיסען פריעדענס־לעבּען,
אומגעשטערטער אַרבּײַט,
אומגעשטערטען גליק!״...

* *
*

אױפ'ן באַרג שטעהט משה,
פון די אָװענד־שטראַהלען
איז בּעשײַנט זײַן פּנים,
און זײַן העלער בּליק

נעהמט־דרום דעם גאנצען
לאגער־פלאץ, פון וואנען
ס'קלינגען, קלינגען ליעדער
פול מיט קראפט און פרייד;

מיט דער האנד דער לינקער
אנגעשפארט אויף אהרן,ס
אקסעל, האלט די רעכטע
אויסגעשטרעקט ער הויך,

צייגענדיג צום וויטען
לאנד, צום צוועק צו'ם היכען,
היילינגען און ליעבען
פון דעם לאנגען וועג...



# דער גבור*)

די גרעקען דערצעהלען א מעשׂה:
א מענש איז געווען אויף דער וועלט;
איהם גובר זיין האט ניט קיין כּח געהאט
דער גרעסטער און שרעקליכסטער העלד.

די ערד איז געוועזען זיין מוטער;
אין איהר איז געלעגען זיין קראפט;
ווי מיעד זאל ניט ווערען זיין קערפּער פון שטרייט,
דערשראקען זיין הערץ און פערשלאפט;

ווי שרעקליך עס זאל זיך ניט גיסען
דאס בלוט פון זיין אפענער וואונד —
זיך צורידהרען האט ער געדארפט צו דער ערד
און פלעגט ווערען ווידער געזונד...

*

*  *

מיין פאלק! דו בּיסט אויך אויסגעשטאנען
פיעל אומגליקען, טרויער און שרעק;
אפט האבּען מיט פרייד דיינע שׂונאים געמיינט,
אז אט וועט שוין קומען דיין עק.

---

*) אַנטעאוס, איינער פון די ענקים (ריזען) פון דער גריכישער מיטהאָלאָגיע. זיין פאָטער איז געווען דער שר של ים, „פּאָסיידאָן", און זיין מוטער — די געטין פון דער ערד, "געיא".

דיין מוטער איז אבער דער הימעל,
דער הימעל געוועזן אויף דער וועלט,
זיך צוריהרען פלעגסטו נאר דארפען צו איהם —
און באלד ווערען ווידער א העלד.

יא, שטארק איז אין דיר די נשמה,
אין איהר ליגט די הימלישע קראפט.
בעטראכט אבער ווי איז געווארען אצונד
דיין קערפער פארדארט און פערשלאפט.

ניין, פליהען לאז אייביג צום הימעל
דיין ריינער געדאנק, נאר דערביי
דיין קערפער פערבונדען לאז זיין מיט דער ערד,
זאלסט ליעבען זי ערנסט, געטריי.

בעארבייט מיט מיה און מיט האפנונג —
דיין גארטען, דיין וויינשטאק, דיין פעלד,
און דעמאלט, מיין פאלק, וועסטו זיין אויף דער וועלט
מיט גוף און נשמה א העלד...



# פאראויס!

---

אויף די בלויע, שטילע וועללען
וועלכע גלענצען ווי א שפיעגעל;
שוועבט א זעגעל, שוועבט און פלאטערט —
ווי א גרויסער, ווייסער פליעגעל.

אויף די שטילע, בלויע וועללען
שווימט א שיפעלע א קליינע;
און פון שיפעל הער איך שטימען,
— יונגע שטימען, זיסע, ריינע...

יונגע, זיסע שטימען זינגען,
פון די שטורעמס, פון די ווינדען;
פון די שיפערס, וועלכע שטרייטען
מיט די גרויסע, בייזע אינדען.

וועלכע שווימען אויף דעם אבגרונד
ווייט, אין יענע שעהנע, פרייע
לענדער, וואו די זון שיינט אייביג,
וואו עס לעבען גוטע, טרייע,

ליעבע מענשען, גלייך ווי איין
גרויסע, גליקליכע משפחה...
און ווי שטארק איז זייער פריינדשאפט
זייער פריידען און הצלחה...

„— נו־זשע, ברידער! — אין דעם זעגעל
בלאזט דער ווינד!... נו, גיכער, גיכער!
אונזער שיפעלע וועט פליהען
אויף די אינדען, ווי א וויכאר...

וואלקענס שוועבען אויף דעם אבגרונד;
שווער אין שטורעם איז דאס שווימען.
נאר פאראויס... מיט האפנונג, ברידער!"
— זינגען פרישע, יונגע שטימען.

יונגע, זיסע שטימען זינגען,
און איך זינג מיט זיי צוזאמען;
טיעף אין הערצען פיהל איך פליסען
נייע קרעפטען, נייע פלאמען.



# די פידעל.

I.

גוט מארגען, רבותים! דער כלי־זמר איז דא!
אט בין איך און אט איז מיין פידעל...
נו, סטרונעלעך, קינדערלעך, לעבעדיג, פריש:
הערט אויס, כ׳וועל איך זינגען א ליעדעל:

שולמית ישראל׳יק דעם כלי־זמר׳ס איז היינט
צו מזל געלעגען געווארען —
א יונגעל געהאט, אין א גליקליכע שעה,
אויף לאנגע און גליקליכע יאהרען!

מע וויקעלט, מע ניאנטשעט, מע פעסטעט, מע זויגט,
מע גלעט און מע קושט יעדעם גליעדעל;
דאס קליינינקע כלי־זמר׳ל וואקסט וואס א טאג...
נו, שפיעל־זשע, נו, זינג־זשע, מיין פידעל!

דאס כלי־זמר׳ל קריכט שוין פון וויעגעל ארויס,
עס רעדט שוין, עס געהט שוין פאמעליך;
דאס כלי־זמר׳ל איז שוין אין חדר אריין...
נו, סטרונעלעך, לעבעדיג, פרעהליך!

עס לערענט שוין אלף־בית... חומש... תנ״ך —
פערטיעפט אין עניני־אמונה...
עס ווערט שוין בר־מצוה און אט... שטעה נאר!... טראך!!
וואס איז דאס? — געלאפעט א סטרונע!...

II.

א טאג נאך א טאג און א וואך נאך א וואך —
עס פליהען חדשים און יאהרען...
דאס כלי־זמר׳ל איז זיך שוין, ברוך השם,
צו מזל א חתן געווארען.

דאס כלי־זמר׳ל איז שוין א חתן... א מאן...
דאס כלי־זמר׳ל איז שוין א טאטע!
נישקשה, דאס פיעדעלע שפיעלט נאך גאנץ גוט --
ער זיצט נאך „אויף קעסט״ דאך לעת־עתה...

געקאנטשעט די קעסט און ארויס אויף דער גאס...
נו, כלי־זמר׳ל גיעב נאר חיונה!
ער האפט זיך דאס פיעדעלע סטרויען און... טראך!!
געלאפעט די אנדערע סטרונע!...

## III.

א טאכטער, א בתולה, צו לייטען שוין גלייך;
די צווייטע איז אויך קיין עין הרע...
א שידוך... א חתונה... חובות ווי באב...
חאטש טרענק זיך, חאטש ווער א כפרה!...

א יאהר נאך א יאהר — און די עלטער קומט אן;
הוסט, קרעכץ און קריך פארט נאכ'ן ביסען!
און ביסלעך־ווייז ציהענדיג, ציהענדיג זיך —
נאך איינע — די דריטע צוריסען!

---

## IV.

איין סטרונע געבליבען... דאס פלי־זמר'ל ליעגט,
עס ווילט זיך, עס גלוסט זיך נאך שפיעלען...
ער קריכט צו דער פיעדעל, ער ציהט זיך... נאר ניין!
צו שפעט און אומזיסט איז זיין ווילען;

דאס סטרונעלע ציטערט, זי קרעכצט, זי זיפצט...
א ביטערער קלאג טהוט זיך גיעסען...
דאס סטרונעלע ציהט זיך און ציהט זיך און... טראך —
צוריסען — די לעצטע צוריסען!

געלאפּעט די סטרונעס... עס ליעגט אויף דער ערד
די אלטע, צובראכענע פּיעדעל...
אויס פּיעדעל... אויס כלי־זמר... אראב פון'ם מארק! —
געענדיגט דאס נארישע ליעדעל...



# דער וואלד־חלום.

עס שטעהט א דין, יונג בוימעלע
פון שטילען טרוים געפאנגען,
מיט זילבער־קלאהרע שניי־לאקען
בעפלאכטען און בעהאנגען.

דער גרויער זיידע שיט עס אב
מיט טייערע פרעזענטען —
מיט קיטעלעך קריסטאלענע,
מיט פרענז און פאזומענטען.

מיט דימענטענע אוירינגלעך,
מיט רייכע פערעל־שנירען —
די צארטע, יונגע צווייגעלעך
וואס העלער צו בעציערען.

ער עטעמט, וועהט און פאכט אויף זיי
מיט ווייסע זיידען־טיכער,
וואס טיעפער צו פערשלעפערן,
פערוויגען זיי וואס ניכער...

און דאך וואכט אויף דאס בוימעלע,
עס ציטערט ווי פון פיעבער...
עס הערט זיך צו און פרעגט מיט שרעק:
„וואס איז דאס, זיידע ליעבער?

„דער אבענד־שאטען וויקעלט מיך
ארום פון אלע זייטען...
ווער געהט עס דארט אין וואלד ארום?
וואס רוישט עס פון דער ווייטען?..."

„מיין נאריש קינד! עס טרוימט זיך דיר
אין שלאף, אין זיסען, שטילען...
דאס שפרינגען גרויע העזעלעך
אין שניי־באל דארט צו שפיעלען;

עס קלעטערען די וועווריקלעך
פון בוים אויף בוים; עס לויפען
די געלע פיקסעלעך צום מארק
כפרות־הענער קויפען"...

„אך, זיידעניו! די שווארצע נאכט
שטעהט אויף פון אלע זייטען...
וואס קלאפט עס דארט, אין טיעפען וואלד?
וואס קלינגט עס פון דער ווייטען?..."

— „שלאף, נאריש קינד! א חלום שוועבט
אויף דיין בעצויבערט וויעגעל...
דאס פליהען דארט די וואלד־היהנער
און פאטשען מיט די פליעגעל;

„עס פיקט דער שפעכט, דער האלצהאקער,
די דינע, דארע קארע;
די אייז־קריסטאלען שיטען זיך,
די קלינגענדיגע, קלאהרע...

„חוץ דעם איז תנאים הייגט אין וואלד
בײ׳ם וואלף, און ווייסט, מיט ועמען?
ער נעהמט א יונג, וויים ציעגעלע
מיט ווייכע, לאנגע ברעמען.

„מיט מילדע, בלויע אויגעלעך,
א כשר׳ע, א שטילע;
מען זאגט — אן אלטע ליעבע שוין,
און נדן אויך אפילו.

„געוועהנליך, ברעכט מען טעלער דארט,
מען קלינגט מיט גאפלען, מעסער...
נו, שלאף־זשע־איין, מיין בוימעלע
און רוה זיך אוים וואס בעסער״...

* *
*

און שטארקער האט דאס בוימעלע
דער שלאף ארומגענומען...
עס הערט שוין ניט, ווי ס'קלאפט די האק,
און ווי די זעגען זשומען...

עס זשומט און קלאפט, און קריצט, און קלינגט...
די אלטע בוימער שטעהען,
ווי אין תכריכים אנגעטהאן...
בעגינען־ווינטעלעך וועהען...

און אין דער פורפור־מארגענשיין,
בעגאסען מיט די פריהע
און קאלטע שטראהלען, הויבּ זיך אויף
א ניי־געבויטע תליה...



# דער אדלער.

(געווידמעט ה' שלום יעקב אבראמאָוויטש צו זיין
70 יעהריגען יובילעאום).

קוקט שוועלבעליך מיינע: ווי רוהיג און ברייט
די גרויסע, די מעכטיגע פליגעל צושפרייט,
ער שוועבט צו די שטראהלען... וואוהין, פרעגט
איהר, האלט ער
זיין לופט־וועג, דער אדלער, דער אדלער דער
אלטער?
ער שטרעבט צו דער אייביגער געטליכער שיין...
זיין הארץ ווייסט פון שרעק ניט, זיין קאפ ניט
געבוינגען;
ניט פינטלענדיג קוקען אין הימעל אריין
די ליכטיגע אדלערשע אויגען...

ווי אלט איז ער? — פרעגט ביי דעם רוישענדען וואלד

און פרענט ביי די פעלזען, און פרענט ביי די
שטראמען,
וואס פליסען אין וואלד פון די פעלזען... ווי אלט?
עס זינגען א הערליכען לויב צו זיין נאמען
די שטערען, די וואלקען... זיי וויסען די צייט,
ווען ער האט די שעפּפונג'ס־ענויים געליטען,
ווען ער האט די פעדערען זיינע געביטען,
זיין אדלערשע יוגענד בענייט...



# ראמאנטיק־אלבום.

1.

## די ווילדע טויב.

צום גראניטען־פעלז איהר ברוסט
ליעבליך צוגעפרעסט —
איינגעשלאפען איז א טויב
אין אנ׳אדלער־נעסט.
אדלער־טרוימען, אדלער־גייסט,
אדלער־קאמפף און זיעג,
האבען זי בעשפינט, בעוועבט
און פערוויעגט איהר וויעג — — — — —
אין דערהיים פון דעמאלט־אן
לעבט זי איינזאם, שטום;
„ווילדע פויגעל״, „ווילדע טויב״
רופט מען זי ארום.

„ווילדע!‟ קרעהט די שווארצע קראה,
„ווילדע!‟ זיומט די פליעג — — — — —

---

יוגענד־טרוים! מיין טויבען־שלאף
אין דער אדלער־וויעג! — — — — —





2.

## חברים.

---

דיין קלאר, זיידען הענטעלע,
קינד מיינס, גיעב מיר היינט!
נאהענט, אייגען זענען מיר
ווי צוויי אלטע פריינד:

---

איין בעצויבערט מעשה׳לע
לעזען מיר פאראוים —
דו פון אנהויב, איך צו׳ם סוף, —
נו, וואס מאכט ע׳ס אוים! — — — — —

---

איין זים, ליכטיג לעבען־טרייסט
און איין לעבען־וועה
דעקט מיט שיין דיין קעפעלע
און מיין קאפ מיט שנעע.

---

איין געשענק איז איינגעטהיילט
אונז פון לעבען־שוים:
מיר — דער שאטען, דיר — דעם שיין, —
נו, וואס מאכט עס אוים! — — — — —



3.

# צווייִ אויגען.

אךְ שמייכעל, שמייכעל, מיידעלע!
עס קוקט א רעגענבויגען
מיט הימעל־בלוי, מיט הימעל־גלאנץ
פון דיינע ליעבע אויגען.

און דאךְ... און דאךְ – צווייִ אנדערע:
זיי לייכטען שטיל און זעלטען,
דאךְ גאנצע הימלען עפנען זיי,
בעדעקען גאנצע וועלטען.

מיט רעגען־טהוי, מיט רויזען־שטויב,
מיט גלוסט, מיט ריינעם, פיינעם, –
די צוויי, די צווייִ חן־גריבעלעךְ
ביי'ם קלארען שמייכעל דיינעם!



4.

# דריי וועלטען.

I.

עס געהען די ריטטער צו'ם קעניג אין שלאס,
בעוואפענט מיט שווערדען און שפיעזען;
ס'הילכט־אב פון גערודער דער הויכער געוועלב,
געשטיצט אויף די מארמארנע ריעזען.
עס שאלט די טראמייט, און זי שאלט און זי רופט,
פון העלדען־מאכט, העלדען־מוטה ציטערט די לופט...

II.

דער ארגעל־כאר ברומט און עס שיינען די ליכט,
און שיינען אלץ מילדער און מילדער.
די קעניגין געהט צו'ם בעשטראהלטען אלטאר
און קניעט פאר די הייליגע בילדער;
די ווייערך־פאס אטהעמט אויף איהר פון דער הויך
און קרייזעלט און קנוילט דעם פערגרויט־בלויען רויך...

III.

עס קומען די שיפען פון רוישענדען מעער,
מיט האב פון די ווייטעסטע לענדער;

די יונגע, די שעהנע פּרינצעסין בּעטראַכט
די גאָלד־שטאַפּען, טיכער און בּענדער.
וואָס פינקעלט דאָ העלער פון פרייד און פון גליק —
דער איידעלשטיין, אָדער דער טיידעלשער בּליק?...

IV.

דריי מענשען — דריי וועלטען — — — —
און איינמאָל פאַרנאַכט,
די שנעע־שטורמען וויינען און בּרומען...
פון נעבּעל, פון שנעע שווימט אַ שאָטען אַרויס —
אַ גאַסט איז אין שלאָס־הויף געקומען.
די גלאָק האָט אַ קלונג געטאָהן הילכיג און ריין,
דער טויער האָט שטיל זיך געעפענט אַליין...

V.

ווער איז ער? פון וואַן און וואוהין ליגט זיין וועג?
מען פרעגט ניט, ער זאָגט ניט. און קיינער
בּעמערקט ניט די האַנד, וועלכע עפענט פאַר איהם
די טהירען — — — עס גיסט זיך אַ ריינער
בּעלעבּענדער לופט־שטראָם מיט וואַרעמען שיין
אין אַלטען, פערנעבּעלטען טראָן־זאַל אַריין.

VI.

דער וואַנדער־גאַסט שטעהט פאַר'ן גלענצענדען טראָן.
ווי טונקעל, ווי אָרעם זיי ווערען

די קרוינען, די שילדען ארום פאר דער שיין,
וואס גליהט פון זיין ליכטיגען שטערען!
דער קעניג — זיין שטאלץ און זיין מאכט זענען ווייט:
ניט רעדען, נאר הערען איז איהם איצט די צייט.

VII.

עס קוקען די מארמאר־אטלאנטען אראב,
אזוי ווי ערשטוינט און דערשראקען — — —
ווער שפריצט עס מיט פערעל אויף בעקען פון גאלד,
מיט גאלד — אויף קריסטאלענע גלאקען?
די טענער, די טענער, וואס הערט זיך אין זיי?
א וואפען־גערויש!... א פערצווייפלונגס־געשריי!...

VIII.

עס פלאטערען פאהנען... עס שאלט די טראמייט
און באלד שווימען־אויף, ווי פון כישוף —
די רעהרען פון ארגעל, דער איינקלאנג פון כאר,
דאס בענש־ווארט פון גרייז־גרויען בישאף — — —
אט ציהט אויף די וועלען א שטיל דרימעל־ווינד
און פיעסטעט און גלעט זיי אזוי ווי דאס קינד.

IX.

און פיעסטעט און גלעט זיי, און קרייזעלט דעם שום
אין זיידענע, זילבערנע לאקען — — —
ווער שפריצט עס מיט פערעל אויף בעקען פון גאלד,

מיט גאלד – אויף קריסטאלענע גלאקען? – – –
עס שוימט אין די האכצייטס־באקאלען דער וויין;
וואס ווינקט ער? וואס רוימט ער אין מיידעל־הארץ איין?

X.

איין וועלט! איין אונשטערבליכע, בליהענדע וועלט,
איין וויינשטאק, א הייליגער, ריינער,
א הופה־געשענק פונ'ם הימעל דער ערד,
דער כלה – דער ליעבער און שעהנער.
פעראייניגט אין גייסט־מאכט, אין גייסט־קייט פערשמידט...
לויב! לויב דיר, דו, פרייעס, דו, גליקליכעס ליעד!



# די נאטור.

ליכטיג שיינט דער אווענד־שטערן;
שאטענס ליעגען אויף די פעלדער;
פייכטע קיהלקייט וועהט און גיסט זיך
פון די גערטנער, פון די וועלדער.

און די גרויסע, אלטע בוימער
שאקלען מיט די גרינע בלעטער,
און מיר דאכט זיך, אז זיי רוישען:
„— זעה, ווי פריש איז דא דאס וועטער!"

טראפענס טהוי, ווי פערעל, גלענצען
אין די לעצטע אווענד־שטראהלען,
אין די פייכטע, גרינע טהאלען
שלאגען פרישע, קאלטע קוואלען...

„קום אריין אין וואלד! מיר ווילען
דיך ערפרישען און ערקרעפטען...
ווי מיט ווייכע, גרינע פאדעם
דיך בעשפינען און בעהעפטען...

„מיט א שטילען, זיסען דרימעל
וועלען מיר דיין הארץ בּעוועהען,
מיט א ליעבען, זיסען חלום
דיך ערקוויקען און ערפרעהען״...

און פון וואלד, מיט זיסע פרישקייט
אנגעטרונקען, אנגעזויגען,
געה איך צו דעם גרויסען אבּגרונד,
וועלכער ליעגט פאר מיינע אויגען.

ליכטיג שיינען, ליכטיג גלענצען
אין דעם רייטען, פּורפּור־העלען
לעצטען אבּשיין פון די שטראהלען
די בּעגאלדטע, בּלויע וועללען.

אויף די בּלויע, שטילע וועללען,
וועלכע גלענצען ווי א שפּיעגעל,
שוועבּט א זעגעל, שוועבּט און פלאטערט
ווי א גרויסער, ווייסער פליעגעל.

אויף די שטילע, בּלויע וועללען
שווימט א שיפעלע א קליינע,
און פון שיפעל הער איך שטימען,
יונגע שטימען, זיסע, ריינע...

יונגע, זיסע שטימען זינגען
פון די שטורעמס, פון די ווינדען,
פון די שיפערס, וועלכע שטרייטען
מיט די גרויסע, בייזע אינדען,

וועלכע שווימען אין דעם אבגרונד
ווייט, אין יענע שעהנע, פרייע
לענדער, וואו די זון שיינט אייביג,
וואו עס לעבען גוטע טרייע,

ליעבע מענשען, גלייך ווי איינע,
גרויסע, גליקליכע משפחה, —
און ווי שטארק איז זייער פריינדשאפט,
זייער פריעדען און הצלחה...

„— נו־זשע, ברידער! — אין דעם זעגעל
בלאזט דער ווינד!... נו, גיכער, גיכער!...
אונזער שיפעלע וועט פליהען
אויף די אינדען, ווי א וויכאר..

„וואלקענס שוועבען אויף דעם אבגרונד:
שווער אין שטורם איז דאס שווימען,
נאר — פאראויס, מיט האפנונג, ברידער!...
זינגען פרישע, יונגע שטימען.

יונגע, זיסע שטימען זינגען,
אונ איך זינג מיט זיי צוזאמען;
טיעף אין הארצען פיהל איך פליסען
נייע קרעפטען, נייע פלאמען:

נייע האפנונג טריפט, ווי טראפּענס
קאלטע וואסער אויף דעם גומען
פון דעם קראנקען... אך, א דאנק אייך,
בוימער, זאנגען, גראז און בלומען.

פרייע פויגעל, בלויע וועללען,
פונ׳ם טיעפען, הייסען הערצען,
צווישען אייך האב איך פארגעסען
מיינע אלטע, גרויסע שמערצען!.



# פריהלינגס־ליעד

דאס טייבעלע ווארקעט,
דאס טייבעלע רופט:
„שטעהט אויף, קינדער! ליכטיג
און פריש איז די לופט!

„עס ציהען זיך, ציהען
פון הימעל און פאלען,
ווי גאלדענע פאדעם,
די ווארעמע שטראהלען;

„דאס בינעלע זשומעט
און זויגט אהן א מאס
די זאפט פון די רויזען,
דעם טהוי פון דעם גראז.

„עס בליהען די גערטנער
עס גלענצען די בלומען...
צו אונז איז דער זומער,
דער זומער געקומען...

„שטעהט אויף קינדער! ליכטיג
אוןפריש איז די לופט.
דאס טייבעלע ווארקעט,
דאס טייבעלע רופט!...

דאס טייבעלע ווארקעט,
דאס טייבעלע רופט:
„שטעהט אויף, קינדער, — ליכטיג
און פריש איז די לופט.

עס בליהען די בוימער,
עס שפראצען די בלומען
צו אונז איז דער פריהלינג,
דער פריהלינג געקומען;

די פויגעלעך זינגען
אין וואלד און אין טהאל:
עס הערען זיך ליעדער
ארום אהן א צאהל.

די פישעלעך שווימען
ארויף אויף די וועללען —
זיי טאנצען אין וואסער,
זיי שפרינגען, זיי קוועלען..

עס שפּראָצען די בלומען,
אָון פריש איז די לופט׳...
דאָס טייבעלע וואָרקעט,
דאָס טייבעלע רופט...



# זומער־ליעדער.

א.

אויף די גערטנער, אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען, —
ווי די פרייע, בלויע וועללען
רוישען, גיסען זיך און קלינגען,

אין א פרישען קראנץ פון זאנגען,
פריי פון טרויער און פון קומער,
אויף די טהאלען, אויף די פעלדער
שוועבט דער שעהנער, ליעבער זומער.

זומער־פויגעלעך פון גארטען,
סטאיעס בינען פון די שטאקען
פליהען אוים און טאנצען, שפרינגען
איבער זיינע שווארצע לאקען;

זיסע ווארעמקייט טהוט וועהען
פון די גרויסע ברוינע פליעגעל
אויף די שטראמען וועלכע גלענצען
העל און ליכטיג ווי א שפיעגעל.

אויף די בוימער, וועלכע שטעהען
שוין בעוואקסען און בעהאנגען,
אויף די פרייע, גרינע פעלדער,
וואו די הויכע שעהנע זאנגען

בויגען אן די שטאלצע קעפּלעך
איינס צום אנדערען און זשומען:
— אך, ווען וועלען זיי, ווען וועלען
שוין צו אונז די שניטער קומען?..."

און די שניטער געהען, איילען...
טערפּעס, קאסעס גלענצען, קלינגען...
אויף די טהאלען, אויף די פעלדער
הער איך זיסע שטימען זינגען.

אויף די פעלדער, אויף די טהאלען
הער איך קלינגען זיסע ליעדער, —
און מיין אלטער, טיעפער טרויער
וואכט שוין אויף אין הארצען וויעדער!...

## ב.

ריין און ליכטיג איז דער הימעל;
פריש און פרעהליך וועהט דער ווינד...
„— זינג מיר, זינג א זומער־ליעדעל!״ —
בעט דאס שוואכע, בלייבע קינד:

„— קום מיט מיר אין טהאל, אין גארטען,
פלעכט א קרענצעלע מיר אויס
פון די בלומען, וועלכע וואקסען
דארט און בליהען, שעהן און גרויס״...

אך, מיין קינד! דו זעהסט? — צובראכען
הענגט מיין הארפע אויף דער וואנד;
אבגעוועהנט שוין לאנג פון שפיעלען
איז מיין שוואכע, קראנקע האנד;

אבגעוועהנט פון זיסע פריידען
איז שוין לאנג מיין קראנקעס הערץ.
זומער, ווינטער, הערבסט און פריהלינג
בלייבט אין איהם דער אלטער שמערץ



# א זומער־נאכט.

די נאכט איז שטיל, די נאכט איז פינסטער,
מיט שווארצע שאטענס איז בעדעקט
דער שטילער טייך. די גערטנער שלאפען;
עס וועהט מיט פרישע גראז, עס שמעקט
פון וואלד מיט שוואמען און מיט בלומען;
די לופט איז ריין, און פריש, און קיהל.
אלץ שלאפט און רוהט אין שטילען פריעדען.
נאר פון דער אלטער וואסער־מיהל
הער איך צוויי ליעבע, זיסע שטימען:
צוויי יונגע טויבען וואהנען דארט;
זיי ווארקען, האלזען זיך... ווי רוהיג
איז זיי אויף זייער שטילען ארט!...

איך געה אהין. אנ׳אלטע ווערבע
שטעהט אויפ׳ן שטילען, גרינעם ברעג.
זי איז מיין פריינד, זי איז מיין חבר
אין מיינע טרויעריגע טעג.

מיר זענען ליעב די אלטע צווייגען,
וואס הענגען טרויעריג אראב,
גלייך ווי פארצייטען ביי אנ'אבל
די האר פון טרויעריגען קאפ.
זי איז מיר ליעב די אלטע ווערבע:
אפט זיץ איך איינזאם אונטער איהר,
און זי בעדעקט מיך מיט די צווייגען,
גיסט אוים א זיסע רוה אויף מיר.

פאר וואס־זשע ציטערסטו מיין קראנקעס,
מיין עלענד הארץ, אין פיין, אין שרעק?
די אלטע טרויעריגע בילדער —
אח, געהט א וועק פון מיר, אוועק!...
ניין, ברידער מיינע! אייביג טראגען
מוז איך מיין גרויסען, שווערען יאך;
ניטא פאר מיר קיין רוה, קיין פריידען —
די אלטע בילדער לעבען נאך...
אין טיעפען שלאף, אין שטילען דרימעל
שטעהט אויף א ווייטעס, ליעבעס לאנד
מיט אלטע הויכע, גרויסע דעמבעס,
וואס וואקסען ביי אנ'אלטער וואנד...

בײַ יענער װאַנד פֿון בית־המקדש.
װאָס איז פֿאַר אונדז געבליבן שטעהן
װי אַ מצבה; אַ זכּרון
פֿון דעם װאָס איז אַמאָל געװעזן...
איך זעה דאָס פֿעלד, איך זעה די קברים,
אין װעלכע ס׳ליעגט דאָס אַלטע גליק,
די קראַפֿט און מוטה און פֿרייד, פֿאַר װעלכע
עס איז ניטאָ קיין װעג צוריק...
פֿון באַרג נבֿו, פֿון ראש הפּסגה
שטעהט אויף אַ הויכער, גרויער מאַן,
איך הער זיין קלאַג, אַ טיעפֿען יאָמער:
„ביז װאַן, דו שטאַרקער גאָט! — ביז װאַן!״...
עס הױבט זיך אױף אַ װינד, אַ שטורם,
עס געהט אַ יאָמער, אַ געשריי...
די גרויסע דעמבעס רױשען, ברומען,
די צװײַגען ברעכען זיך אויף זיי.

און פֿון דער אַלטער װאַנד טהוט געהן
אַ קלאַג פֿון גרויסען, טיעפֿען שמערץ...
שלאָף איין, שלאָף איין, דו אַלטעס אומגליק,
גיב רוה צו מיין פֿעריאַמערט הערץ!...

* * *

אח, לאז שוין זיין א סוף אמאל!
גענוג געקלאגט, גענוג געליטען...
ניין, וועה צו מיר! — עס שלאפט זיך ניט,
ניטא פאר מיר קיין שלאף, קיין פריעדען.

עס שלאפט זיך ניט: זיי רוהען ניט
די אלטע וואונדען — אלטע צרות;
זיי ברענען, רייסען מיר מיין הארץ...
אוועק! אוועק, מחשבות זרות!

א זומער־נאכט... א בוים... א בלום...
א זיסער שלאף אין רוהה, אין פריעדען...
דו נאר, דו נאר, דו אלטער נאר!
וואס קעהר זיך אן דאס מיט א יודען?!

שוין! אלץ פערגעסען, וואס מיט דיר
מען לערנט, הזר'ט שוין אנ'ערך
צוויי טויזענד יאהר!... א בוים, א בלום...
נו, נאך וואס? פיין פון דיר, א דרך...

א זומער־נאכט... א טייך... א בוים...
פיין! שפיעל זיך, שפיעל זיך מיט'ן שטן!...
דו ווייסט שוין ניט, געדענקסט ניט, וואס
איז דיר ערלויבט און וואס פערבאטען? —

שטעה אויף צו חצות, הויב אויף דיין קול,
שריי, קלאג און יאמער, וועק דעם עולם,
שריי, קלאג! — אח, אפשר וועט שוין פארט
דערהערען דיך דער בורא עולם...

*　*

*

עס שלאפט זיך ניט... אח, קום צו מיר,
דו, גוטע, ליעבע, טרייע, פיינע;
בעשיץ דיין עלענד, קראנקעס קינד,
פערוויעג, פערוויעג מיך, מאמע מיינע!

מיין הארץ איז קראנק! מיין האר איז גרוי;
דער גלוסט פון אלע קראנקע זעעלען —
דער שלאף — ער לויפט פון מיר אוועק...
דו איינע, איינע קאנסט מיך היילען.

אח, זעה: איך בין דאך נאך א קינד,
אנ׳עלענד קינד..: גיב, גיב מיר נייע
און פרישע קרעפטען... קום צו מיר,
פערוויעג, פערוויעג מיך, ליעבע, טרייע!...

*　　*
*

פון יענער זייט וואלד
גערהט אויף די לבנה,
ווי בלייך איז איהר אנבליק,
ווי קאלט איז איהר שיין!

א הייליגע רוה,
א גאלדענער חלום —
גיסט זיך מיר ליעבליך
אין הארצען אריין.

עס שטעהט פאר מיר אויף
מיין ווייטער געבורטס־ארט:
א צימעריל ליכטיג
און זויבער און קיהל...

א וויעגעלע שטעהט...
א ווייסינקער פארהאנג...
ווי רוהיג איז דארטען,
ווי רוהיג און שטיל!...

איך בין נאך א קינד,
א לעבעדיגס, פרישעס;
איך ווייס נאך ניט ווער איך בין,
וואס וועל איך זיין...

עס שפּיעלט זיך מיט מיר
דאס קיהלינקע ווינדטעל,
מיך ווארימט, גאלובּעט
די זילבּערנע שיין.

דאס לעמפּעלע בּרענט;
בּיי'ם טיש זעה איך זיצען
מיין אלטיטשקע בּאבּע
מיט'ן זאק אין דער האנד;

דער שאטען פון שלייער
ווייזט אוים ווי א חיה
מיט הערנער, וואס ציטערט
און לויפט אויף דער וואנד...

מיין אלטיטשקע בּאבּע
דערצעהלט מיר א מעשה...
ווי ליעבּליך, ווי ווארים,
ווי פרעהליך איז מיר!...

עס שמעקען די בּלומען,
עס שיינען די שטערען...
אח, זעהט נור, וואס איז דאס?
ווער נעהט דאס צו מיר?...

- - - - - - - - - - - - - - - - - -

דאס קליינינקע ווייסינקע ציגעלע
שטעהט ווידער שוין הינטער מיין וויעגעלע
איהר קעפּעלע ציהט זיך צו מיר;
און ריינינקע, ווארימע טרעהרעליך.
ווי העלע און ליכטיגע פּערעליך
טריפען און פאלען אויף מיר...
צוויי בילדער – צוויי ווייסינקע פויגעליך
מיט העלע און ליכטיגע אויגעליך
פליהען און שוועבען צו מיר:
מיין קינדהייט און יוגענד בעגעגנען זיך
זיי זינגען, זיי וויינען – זיי זעגנען זיך
אויף אייביג, אויף אייביג מיט מיר...



# הערבסט־ליעדער.

א.

ווי נאס און פינסטער איז דער וואלד,
ווי ווענינ בלומען איז געבליבען:
איין בינטעל פאר א גאנצען טאג
האב איך זיי קוים צונויפגעקליבען.

ווי שוואך, ווי דונקעל זענען זיי,
פערשווארצט פון קעלט, פערנעצט פון רעגען!...
אויף וועמעס קבר זאל איך איהם,
דעם לעצטען קראנץ אניעדערלעגען?

איין־איינציג קרענצעלע האב איך,
אזוי פערוויאלעט, שוואך און ארעם,
און דא, אויף יעדען, יעדען טריט
זעה איך צושפרייט אזוי פיעל קברים!...

מיט הונדערט רינגען, הונדערט הענד
האט מיר דער טויט ארומגענומען —
וואוהין־זשע זאל איך לעגען דא
דעם לעצטען קראנץ, די לעצטע בלומען!...

* *
*

מיין ליעד, מיין טרויעריגעס ליעד!
דו ביסט דאס קליינע קרענצעל בלומען.
צו לאנג געוועזען אין מיין וועג,
צו שפעט בין איך מיט דיר געקומען...

---

ב.

שוין שלאף און דונקעל זענען מיינע אויגען,
מיין קאפ געבויגען, שוואך און גרוי
און אויף מיין הארץ, א טראפען נאך א טראפען,
פאלט שוין דער קאלטער אווענד־טוי.

די לעצטע בלום איז שוין פערוועלקט, פערדארבען,
די לעצטע בלעטער פאלען אב...
ערלויב אויף דיינע קניע אנידערלעגען
מיין אלטען, קראנקען, גרויען קאפ.

שוין צייט, מיין קינד, שוין צייט מיר אבצורוהען!
שווער איז געווען מיין וועג: אין קעלט,
אין היץ און רעגען, פינסטערניש און שטורם
בין איך געגאנגען אויף דער וועלט.

איך האב שוין אלע טרעהרען אויסגעגאסען;
מיין הארץ איז טויט... דארט וואו אמאל
פלעגט גרינעס גראז און פרישע בלומען בליהען,
איצט וואקסען דערנער אהן א צאהל;

דאס ארט, וואו בלויע אינדען פלעגען פליסען,
איז שוין, מיין קינד, פערוויסט, פערשטיינט...
איך האב שוין אלע ליעדער אויסגעזונגען,
שוין אלע טרעהרען אויסגעוויינט...

אך, היים און ביטער זענען זיי געוועזען,
די טרעהרען, וועלכע טאג און נאכט
פלעג איך פערגיסען, זינגענדיג די ליעדער —
און וואס האב איך מיט דעם געמאכט?

וואס ווייסט א יוד, ווי קען א יוד פערשטעהען
וואס טהוט זיך אין דעם דיכטער'ס הערץ,
ווי גרויס, ווי שווער, ווי שרעקליך איז זיין טרויער,
ווי טיעף און ברענענד איז זיין שמערץ?

א יוד איז גאר צו אנדערע געפיהלען
געוועהנט געווארען זינט ער האט
זיך אויף די פיס געשטעלט און אנגעהויבען
זיין גליק צו לייטען — דאנקען גאט! —

ער האט געהאט פון אייביג־אן א מגיד,
וואס האט איהם יעדע וואך „געזאגט“
און הערענדיג האט טרערען ער געגאסען,
געזיפצט, געאויקעט און געקלאגט;

ער האט געהאט אווילדע זאך — א בדחן,
א שארפען מוח, א קלוגען יונג;
ער פלעגט זיך קוויקען, האפענדיג די גראמען
און אונטערקנאקען מיט'ן צונג;

און חוץ דעם פלעגט ער ביי דעם פאקען־טרעגער
א „מעשה“ קויפען... אך, דו נאט!
מען פלעגט זיך פשוט ביי די זייטען האלטען,
דאס ביכעל לעזענדיג... מען האט

געלייענט און געלאכט, געלאכט און ווידער
געלייענט און געלאכט, געלאכט,
ווייל דער מחבר האט בכיון טאקע
נאר אויף צו לאכען עס געמאכט.

וואס איז? אין אונזער לעבען איז דען עפעס
פיעל דא אזוינס, וואס זאל דאס הערץ
פערקלעמען מיט א גרויסען טיעפען טרויער,
צורייסען עס פון לייד און שמערץ?...

„און וויינען טאקע, וויינט מען דען גאר ווייניג?
אנו, אט נעהמט נאר, רעכענט אוים:
מען וויינט יום־כפור אויף א „גוטען קוויטעל“:
מען וויינט צו איכה, קליין און גרויס;

מען וויינט צו קינות און מען זיפצט צו סליחות,
מען אויקעט גאנצע טעג און נעכט —
„נו שוין־זשע לאכען טאר מען ניט א ביסעל —
עט, לאזט צו רוה... ס'איז גאר ניט רעכט...

מען האט געלאכט און לאנג וועט מען לאכען —
ביז וואנען לעבען וועט דער יוד...
נו, הער־זע אויף!... גענוג, גענוג צו וויינען,
מיין ליעד, מיין טרויעריגעס ליעד!...



# א הערבסט־ליעדעל.

(פאר חדר־יונגליך.)

---

אין חדר, קינדערליך! דער וואלד
האט שוין הושענא׳ם אבגעשלאגען,
און מיט וואלקען, שווארץ און קאלט,
הויבט־אן דער הימעל גשם זאגען;

פערוויאלעט איז דער גרינער סכך
פון אלע סוכה׳ליך אין גארטען;
די צווייגען הענגען הויל און שוואך
מיט בשמים שמעקט שוין ניט פון דארטען...

„אין חדר, קינדער!" — זינגט דער ווינד
„אין חדר", — ברומען־צו די וועללען...
עס ווילט זיך ניט? א יודיש קינד,
א יודיש יונגעל טאר ניט וועלען!

וואס? דארט איז פינסטער? ענג? דו נאר,
איז וואס? אבי נור לערנען תורה;
א יודיש יונגעל דארף זיין דאר
און געל און גרין — א מרה־שחורה...

אין חדר, קינדערליך, מיט היץ!
אוים יום־טוב, אוים דאס פרייע לעבען!
א נייער זמן מיט נייע שמיץ —
מיט נייע שמיץ ביים אלטען רבי'ן!

* *
*

אוי, דאס אלטע נאריש ליעדעל,
עס געדענקט זיך נאך ביז איצט...
קלינגט־זשע, סטרונעס! וויין, מיין פיעדעל,
וויין און זינג!...
עס רוישט, עס בליצט...

וואלקען געהען אויפן הימעל...
אבער דארט, אין טיעפען וואלד,
ליגט נאך אלץ דער אלטער שימעל
אויף דעם אלטען בוים און האלט
איהם אין טיעפען, טוידטען דרימעל...
יונגע פעלקער ווערען אלט...
נייע לענדער וואקסען, בליהען...
צייטען געהען, צייטען פליהען
— — — — — — — — — — — — — —

מײַן פֿאָלק! שװער זענען דײַנע זינד:
האָסט אָבגעלעבט אַזױ פֿיעל יאָהרען,
פֿערעלטערט, שװאַך און גרױ געװאָרען —
און ביזט נאָך אַלץ אַ חדר־קינד!...



## ווינטער־ליעדער.

### א.

בעדעקט האט דער ווייסער, דער זילבערנער שנעע
די וועלדער, די בערג און די טהאלען;
עס גלאנצען די בוימער, עס היינגען אויף זיי
די צווייגען ווי העללע קריסטאללען.
די יונגינקע ווערבע ביי׳ם ברעג פונ׳ם טייך,
דער צעדער, דער שטארקער און אלטער,
אין ווייסע תכריכים האט אנגעטהאן גלייך
זיי אללע דער ווינטער, דער קאלטער...
ס׳איז פינסטער און שטום,
ארום און ארום,
מען זעהט ניט קיין איינציגען שטערן;
דער שנעע שיט און שיט,
עס פריהרען נאר ניט
די טרעהרען – די ביטערע טרעהרען...
ניטא גאר פאר זיי

קיין פראסט און קיין שנעע,
זיי טריפּפען און טריפּפען פון הערצען;
עס ווארעמט זיי דארט,
עס זידט זיי און קאכט,
דאס פייער פון איננערע שמערצען.
עס וואיעט דער ווינד,
ער ווייגט ווי א קינד,
ער ברומט ווי א חיה... עס רוישען
די בּוימער אין וואלד,
ווי פינסטער, ווי קאלט,
ווי שרעקליך אצונד איז אין דרויסען!

* *
*

ב.

אך, גליקליך איז דער וועמען גאט האט געגעבען
א ווארעמען ווינקעל, א שטילען און ליעבען,
וואו איהם איז פערברענגען זיין לעבען בּעשערט;
נים וואהנען אין שכנות פערפינסטערט דארט ווערען
און צאהלען שכר־דירה מיט בלוט און מיט טרעהרען.
נאר — — — — — איהר הערט?!
א שטימע קלינגט, א ליעבע ריינע;

דאס זינגט איהר ליעדעלע – איהר הערט? –
דאס זריעה־קערענדיל, דאס קליינע,
וואס ליענט בעגראבען אין דער ערד:
„– ניט קיין ווארעם ליכטיג שטיבעלע
האט דער בויער מיר געמאכט:
אין א קאלט און פינסטער גריבעלע
ליעג איך איינזאם טאג און נאכט.
אך, פינסטער איז מיר,
ענג איז מיר דא,
קיין טויער, קיין טהיר,
קיין פענסטער ניטא.
איך ליעג דא אין שטויב און אין שיממעל.
איך לעב אבער, ברידער!
איך לעב! ווייל איך ווארט,
איך וויים דאך, ניט עוויג
וועט הערשען די נאכט,
די וואלקען בעדעקען דעם הימעל;
עס מוז זיין א סוף!
עס וועט זיין א סוף
צום פראסט און צום שטורם,
צום פינסטערען שלאף.

דער פריהלינג, דער פריהלינג וועט קומען.
מיט ליכט און מיט ווארעמקייט,
פרייד און געזאנג;
און פרעהליך וועט שפראצען
מיין גאלדענע זאנג
פון צווישען דעם גראז און די בלומען!״...



# אין א ווינטער נאכט.

I.

די באבעניו זיצט מיט'ן זאָק אין דער האנד.
דאס לעמפעלע צאנקט. פון די שפּיזלען
צעווינגען־זיך, לויפען ארום אויף דער וואנד
אי חיות, אי פויגעל, אי ריזען...

די באבעניו שווייגט... אלע מעשות שוין לאנג
אונז איבערדערצעהלט פארן זומער...
אין הארצען ביי איהר ליעגט א גיפטיגע שלאנג,
א טיעפער, א גליהענדער קומער...

אין דרויסען איז פינסטער, אין דרויסען איז קאלט,
דער שניי האט די סטעזשקעס פערשאטען...
אנ'אומעטיג בילד, א פערטרויערט געשטאלט
שוועבט לאנגזאם און שטיל ווי א שאטען...

די אלטיטשקע זיצט ביי דעם לעמפעלע, שווער
און טיעף איז איהר רוקען געבויגען...
זי זיפצט און זי שעפּטשעט... א טרעהר נאך א טרעהר
בעלויכטען די דונקעלע אויגען..

II.

„— אוי, נעסטעלעך, נעסטעלעך פוסטע! מיט שניי
פערשאטען, פערגליווערט געווארען...
עס פליהען די ווינדטען און קלאגען אויף זיי
און רוישען און גרימען מיט צארן...

„אוי, פויגעלעך ליעבע! וואו זענען זיי איצט?
אוועק איבער בערג, איבער מעערען;
אהין, וואו דער מארגען־שיין פונקעלט און בליצט
און שמייכלען די גאלדענע שטערן.

„אהין, וואו די לופט איז געזונד, ריין און פריי,
וואו שניי־ווייסע וואלקענס נור שוועבען —
צו אנהויבען דארט פון דאס ניי, פון דאס ניי
א פרייעס, א גליקליכעס לעבען.

„דער ווינטער איז לאנג, נאר דער שניי וועט צוגעהן,
דער גאלדענער פריהלינג וועט קומען;
דער הימעל וועט ווערען אי ליכטיג, אי ריין
די גערטנער בעשאטען מיט בלומען.

„די ערד אין איהר אלטען, געוועזענעם גליק
וועט ווידער אי שיינען, אי בליהען,
און פרעהליך אהער וועלען קומען צוריק
די פויגעליך ווידער צופליהען...

III.

„אוי, קינדערליך מיינע, פון ווינדטען און קעלט
פערגליווערטע, קראנקע נשמות!...
זיי זענען אוועק ערגיץ דארט אויף דער וועלט
צו זוכען הצלחות, נחמות.

„זיי זענען אוועק אין א פינסטערע צייט,
אין שווערע, אין ביטערע יאהרען;
און זייער געבורט־ארט איז פרעמד שוין און ווייט
פון זייערע אייגען געווארען.

„צי האבען זיי דארטען שוין נעסטען געבויט
צו פיהרען א פרייען, א זיסען,
א ליכטיגען לעבען, פון שרעק און פון נויט,
פון קעלט און פון ווינדטען ניט וויסען;

און אפשר אויך דארט איז ניטא וואו פאר זיי
צו צוטוליען זיך מיטן אלטען
פערמאטערטען קאפ, און פון קעלט און פון שניי
די עלענדע ברוסט צו בעהאלטען.

„קיין איינציגער טראפען אין לייד און אין פיין
ניטא צו בעפרישען דעם גומען...
איינס וויים איך: ווי שלעכט עס זאל דארטען נישט זיין —
צוריק וועלען זיי שוין ניט קומען...

*　*
*

„דער פראסט ווערט אלץ גרעסער; זיין אייז־קאלטער פלוס
צוגיסט זיך פון אלע פיער זייטען...
פערוואנעלטע פויגעלעך מיינע! א גרוס,
א היים־ליעבען גרוס איך פון ווייטען"...



# ווינטער־בילדער.

I.

## אלץ אין ארדנונג.

עס גערהט ארום דער פראסט דער אלטער
וואלד־אוים, וואלד־איין, פון פעלד צום טייך,
פון בארג צום טהאל; בעקוקט זיין נחלה —
זיין טויט־פערוויעגטעס קעניגרייך.
„— גוט! — זאגט ער — זעהר גוט! מיין מלאכה
איז רוהיג. וואס אנ׳אויג נאר זעהט,
איז אלץ פערשמיעדט אין שווערע קייטען,
אלץ, אלץ פערפראהרען און פערשנעהט...
עס רוישען נאר די וואסער־פאלען,
עס פליהט און שפריצט דער שוים פון זיי;
נאר אויך פערקלעהמט אין טויטע ראהמען

פון בלאהען אייז און ווייסען שנעע.
נאך ערגעץ דארטען אין די טיעפע
און איינגע קעסעל־גריבער שיסט
און שלאגט דער וואסער־זייל דער בייזער
פון אבגרונד... נאר — אומזיסט, אומזיסט!
ס׳איז אלץ פערגאסען און פערקאוועט
אין שטאהל און אייזען דארט און דא...
עס וואיען נאר די וועלף פון הונגער,
עס קארקעט נאר די שווארצע קראה.
און פון די וויסטע, ווילדע טונדרעס,
פון יענע זומפען, וואו עס זעהט
קיין איינציג גרעזעלע דאס אויג ניט,
וואו אייביג הערשט און אייביג וועהט
דער שלאף דער טויטער, קומט צופליהען
די ווייסע סאווע. זי צושפרייט
אויף מיר, ווי זעגלען אין דער לופטען,
די פליעגלען איהרע פריי און ברייט;
זי שארפט און שארפט דעם קרומען שנאבעל, —
זי פיהלט — ס׳וועט זיין א רייכער רויב...
עס פאלען שפערלינגען פערפראָרען,
פער׳חלש׳ט זיצט אין נעסט די טויב...

„די זון איז מאט, די זון איז רוהיג...
אלץ ליעגט פערשטיינט, פערגליווערט שוין,
עס פונקעלט נאר און בליצט די נארד־שיין –
די קאלטע, טויטע ווינטער־קרוין!!"



II.

# בײ'ם סטאַטשיק.

אין בית־מדרש בײ א סטאַטשיק
זיצט דער אַלטער, גראָהער זײדע,
מיט די לעצטע כּוחות
צאַנקען מאַט און דונקעל בײדע. —

ס'געהט צום סוף דאָס דינע קנײטעל
ס'בּעטען רוה די אַלטע בּײנער;
נאָר דעם זײדענס אױגען בּלישטשען
וואָס א רגע, קלאָרער, רײנער.

אין די אותיות די שוואַרצע,
אין די שורות שטומע, קאַלטע,
שעפּט און טרינקט, ווי פון א בּרונעם,
ליכט און קראַפט די בּרוסט די אַלטע.

אין די שטומע, שוואַרצע שורות,
ווי די שטערען אױפ'ן דונקעלען
הימעל אין א זומער־אָווענד,
שײנען, לײכטען, פלאַמען, פונקלען

שמות הייליגע און הויכע,
אנגעזאפּט מיט זיו־השכינה,
שמות ליכטיגע און ריינע
פון דער סטרא דימינא.

שמות הייליגע און הויכע,
פון מלאכים און פון שרפים;
זיי פערהוידען, זיי פערוויעגען
אין א טיעפען, זיסען שלאף איהם...

אט צושיטען זיי זיך פּלוצלונג
אינ׳ם אויר אינ׳ם העלען,
שוועבען, שווימען אין די בלאהע,
דורכגעשטראהלטע הימעל־וועלען,

שליסען זיך צונויף אין רייהען,
קייטען זיך צונויף אין רינגען;
ס׳דרויען פייערדיגע פליעגלען,
ס׳גלאנצען פלאמעדינע קלינגען...

אך, איין ווארט, איין־איינציג ווארט נאר!
איין השבעה־ווארט געפונען, —
און עס פליהען טויזענד בליצען,
און עס ברענען טויזענד זונען!

און עס פאַלט שוין דיר צו־פּיסען,
איילט און קאַרטשעט זיך דער שטן,
ברעכט זיך, בויגט זיך, ווי אַ וואָרים
מיט׳ן פּוס אין שטויב צוטראָטען.

ברעכט די פליעגלען, בייסט די פינגער,
רייסט די הויט פון ברוסט, פון שטערען...
. . . . . . . . . . . . .
מאַט און דונקעל צאַנקט דער סטאַטשיק,
אויסגעלאָשען שוין צו ווערען.

אויף די שטומע, שוואַרצע שורות
זיצט דער זיידע איינגעבויגען,
און פון דרויסען דורכ׳ן פענסטער
קוקט די נאַכט מיט טויזענד אויגען.

קוקט און שעפּטשעט: „— אוי, דו, בלינדע,
דו, פערחלומ׳טע נשמה!
ווילסט מיט שמות און השבעות
גערן צום שטן אויף מלחמה?

„זעהסט דען ניט, ווי פריי, אין מיטען
העלען טאָג און ניט מיט קרומע
הינטער־געסלעך, הינטער־וועגען
געהט אַרום אַצונד די טומאה?...

„שלאנגען, זשאבעס, קעץ און סאוועס —
ניין, דאס איז שוין לאנג אלט־מאדיש:
אויף איהר פאהן שרייבט אויף די טומאה
איצט אליין א „שם־הקדוש"!...

„ברייט צעוויקעלט, אויפגעהויבען
הויך און שטאלץ די פאהן די נייע.
פיהרט זי עפענטליך און זיכער
איהר פערשאלטענע חבריה...

„זעהסט? האלב־נאקעט, אין דער לופטען
פריי די שווארצע האר צושאטען,
געהט א „כשר־טאנץ" די קליפה;
„סעודת־מצוה"!" שרייט דער שטן.

„סעודת־מצוה! סעודת־מצוה!"
הילכט אין אלע גיהנום־קרייזען...
זעהסטו, זעהסט די צייהן, די נעגעל,
שארף ווי מעסער, שטארק ווי אייזען?

שארבענס, רוקענס טרעשטשען... שדים
גראבען, גראבלען זיך ווי ווערים,
מיט די הענד און פיס פערפלאנטערט
אין צושליידערטע געדערים!...

„שדים הוליען, פייפען, טאנצען,
זאב און שכור פון נקמה...

. . . . . . . . . . . . . . .

אך, פערלעש, פערלעש דאס קנייטעל,
אלטע, עלענדע נשמה!"...



## פון טאג־בוך.

אין פורפור־רויטע וואלקען
פערגעהט דער אווענד־שיין.
דאס, זאגט־מען, איז א צייכען,
אז ס׳וועלען ווינטען זיין.

אין פורפור־רויטע פלאמען
געהט־אויף מיין בת־השיר;
די סטרונעס מיינע דיענען
אלס מאגנעט־ווייזער מיר.

די סטרונעס פון מיין הארפע
די נערוועו פון מיין ליעד —
זיי ציטערען, זיי צאפלען...
א צויבער־כח זידט.

און שלאגט פון יעדען פאדעם
מיט שמחה און מיט פיין:
„— עס וועלען רוישעןווינדטען!
עס וועלען שטורמס זיין!

„וואכט־אויף, גבורים־הערצער!
שטרענגט־אן זיך, העלדען־הענד!
צובּרעכט די אלטע דעכער,
צעוואַרפט די אלטע ווענד.

„זיי קאנען שוין ניט שיצען
פון קעלט און ווינד... גענוג!
ארויס אין פעלד, אנטקעגען
דעם העלען פריהלינגס־צוג!

„עס פיהלען שוין זיין אבּקלאנג –
פון ערשטען שטראל צוגליהט –
די סטרונעס פון מיין הארפע,
די נערווען פון מיין ליעד“...

ניין, וועה צו מיר, ניין!
איך פיהל זיי, איך שפיר,
די צארען־געשרייען
די פלאמען, די קלאנגען.

זיי גליהען אין מיר,
זיי הילכען אין מיר,
זיי זינגען דאס הארץ מיר
ווי שפינען, ווי שלאנגען;

און רידער איך נור אן
די סטרונעס – פערשמיעדט
דער וועהטאג מיין שטים
אין שטאהלענע קייטען,

און שלאף איז מיין ליעד
און קאלט איז מיין ליעד:
ניט גאלד – נור א גאלד־פארב,
ניט בלומען – נור קווייטען...

די ניינציגסטע נאכט,
דעם ניינציגסטען טאג
בעגלייט איך אין ליידען,
און, גארענדיג ווידער,

פון וועהטאג־בעט פליהט
מיין גרוס און מיין קלאג
צו אייך, מיינע ווייטע
חברים און ברידער!

דער שטראם הויבט מיך אויף,
ער טראגט מיך, ער ציהט
צום שטורם און פלאם,
צו קעמפפען און שטרעבען.

ס'וויל פּלאַצען דאָס האַרץ, —
זאָל ס'פּלאַצען! מיין ליעד —
מיין ליעד זאָל נור קלינגען,
מיין האַרפּע זאָל לעבען!...



# איינער פון די בעסטע.

I.

## צו מיכל גארדאן.

(געשריבען ביים הערויסגאַנג פון זיין בוך „יודישע ליעדער).

וואס איז דאס געווארען? וואס זעה איך און הער? —
די קליינע זילבערנע גלעקעלעך קלינגען...
די טייבעלעך ווארקען... קאנארעקלעך זינגען...
דאס וויעגעלע וויעגט זיך אהין און אהער...

דאס וויעגעלע וויעגט זיך... דאס לעמפעלע ברענט...
די באבעניו זיצט איבער מיך אנגעבויגען;
איך זעה איהרע קליינינקע, דארינקע הענד,
איך קוק אין די אַלטינקע, דונקעלע אויגען.

זי ארבייט דעם זאק און זי זינגט ווי אמאל:
„איהר זייט דאך רב איד, אין פאלטאווע געוועזען".
א דאנק איך, רב מיכל, א דאנק טויזענד מאל! —
איך האב אייער ביכעל „ליעדער" געלעזען.

איהר האט ווידער פרעהליך און יונג מיך געמאכט,
ווי ליכטיג איז מיר אויפ׳ן הארצען געווארען! —
איהר האט מיר א גרוס פון מיין קינדהייט געבראכט
א גרוס פון די ליכטיגע, גליקליכע יאהרען...

*　　*
*

איהר זייט פון די ערשטע, וואס זענען ביי־נאכט
פון שלאף צווישען יודען געווארען ערוואכט,
צו קלאפען צו זיי אין די פענסטער און טהירען —
ארויס אויף די ליכטיגע וועלט זיי צו פיהרען.

איך זעה אייער יודישע מוזע געקליידט
אין פראסטע, אלטמאדישע, יודישע בגדים;
דערפאר אבער זענען זיי גענייט
בעל־הבית׳יש: אי שטארק, אי מיט כשר׳ע פאדעם...

אהן קונצען, אהן צאצקעס, פראסטארנע און לאנג,
זי זאל אומעטום פריי און רוהיג זיך פיהלען —
אין שוהל ביי׳ם באלעמער, אין קלויז אויף דער באנק
און אויך אויפ׳ן מארק, וואו די יאטקע־הינד בילען...

די יודישע מוזע! איהר איז דאך בעשערט
צו קריכען אין אלערליי יודישע בלאטעס,
מיט חסידישע שטריימלעך, פאנטאפעל, קאפאטעס.
וואס זענען א קופערנעם גראשען ניט ווערטה; —

צו כשר'ען הערצער, צו שייערען קעפּ
און חאפּען ניט זעלטען אי קללות, אי קלעפּ...
די אלטע יתומה אהן טאטען אהן מאמען,
וואס שלעפּט אויף די פּלייצעס א טארבע מיט גראמען...

דערפאר אבער וואס פאר א פייערדיג הערץ
האט איהר במתנה דער בורא געגעבען! —
דער יודישער אומגליק, דער יודישער שמערץ,
דאס גאנצע פער'חשכ'טע יודישע לעבען —

עס קאכט און עס זידט און עס פליסט ווי א טייך
פון יעדער זשארגאנישער שורה ביי אייך.
ניטא קיין צעזור און קיין משקל ביי'ם זמר,
דערפאר אבער טרעהרען — חאטש שעפּ מיט אנ'עמער.

דערפאר אבער וועהטאג און טרויער און שמערץ,
דערצו מיט'ן אמת'ן יודישען קרעכץ,
פון וועלכען א טוידטער קען לעבעדיג ווערען,
א שטיין זיך צוגיסען אין ביטערע טרעהרען —

אט דאס איז — כל דכפין — קומט, טרינקט זיך גוט אן
טרינקט, יודען, ס'איז פול און וועט ליידיג ניט ווערען —
דער הדס מיט פעפער, דער בעכער מיט טרעהרען,
דאס יודישע ליעדעל פון מיכל גארדאן!

II.

# אויף מיכל גארדאָנ'ס קבר.

נאך א קבר, נאך א הערץ
איז שוין טויט און קאלט געווארען.
פריי פון פרייד און פריי פון שמערץ,
פריי פון ליעבע און פון צארען.

אויף דער ערד, אויף אש און שטרוי
פאלט אראב די אלטע פיעדעל, -
מיט'ן טיעפען לעצטען „אוי!"
נעהמט אנ'עק דאס נאריש ליעדעל.

הויך און ערענסט, טיעף און שטארק
האט אמאל דאס ליעד געקלונגען...
און אנ'עק! — אראב פון מארק! —
האדיע וויינען, האדיע זינגען!...

שלאף־זשע זיס אין דיין געצעלט,
ליעבע, טהייערע נשמה!
נעהם מיט זיך אויף יענע וועלט
חאטש די איינציגע נחמה.

אז דיין ליעד, דיין יודיש ליעד
וועט נאך לאנגע יאהרען קלינגען
און וואו נור עס לעבט א יוד,
וועט מען דיינע ליעדער זינגען.

שלאף־זשע פריי פון לייד און פיין;
שלאף, נשמה, ליעבע, פיינע!
דיינע ליעדער וועלען זיין,
אייביג זיין קדשים דיינע!...



# א חלום.

שטעה אויף, שטעה אויף, מיין ליעבעס קינד!
דער ווינטער איז פערגאנגען;
עס וועהט פון פעלד א פרישער ווינד
און בויגט די גרינע זאנגען.

די פייגען־בוימער בליהען שוין,
די אוילבערט־בוימער גלאנצען,
די גרינע וועלדער ווי א קרוין
דעם הויכען בארג בעקראנצען.

אין גרינעם גארטען אין דער פריה
הער איך די פויגעל זינגען;
איך הער די גלעקלעך פון די פיה
אויף אלע לאנקעס קלינגען.

עס שיינט די זון, עס וועהט דער ווינד...
אך, וויפיעל גראז און בלומען!...
שטעה אויף מיין קינד, מיין ליעבעס קינד —
דער זומער איז געקומען!
שטעה אויף!...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...שטעה אויף, דו נארר! דו אלטער נארר!
דו רעדסט פון היטץ און פיעבער...
דו רעדסט פון שלאף, ביזט טויב און בלינד...
דער רעגען גיעסט פון אויבען,
אין קוימען רוישט און ברומט דער ווינד,
עס ציטערען די שויבען...

דער רבי זיצט ביי'ם טיש און שרייט:
„— נו, זאג־זשע, זאג, ישראל'יק!..."
עס רוישט אין קאפ, עס שטעכט אין זייט —
עס געהט די סדרה בלק...

די אלטע סדרה... אלטע שמיץ...
די אלטע, אלטע קולות...
די טייטעל ארבייט מיט דעם שפיץ,
דער קאנטשיק טאנצט א פרעהליכם...

דער אלטער דלות קריכט אין הויף;
די אלטע צרות געהען...
„וואך אויף, דו אלטער נארר, וואך אויף! —
שוין צייט דיר אויפצושטעהען!...



## אומוויליגע קרבנות.

---

אן אדלער האט מען היינט דער'הרג'עט,
פון פעלד אין יעגער־שטוב געבראכט.
די טויטע פליעגלען ברייט צו־ווארפען,
די העלע אויגען צוגעמאכט —
איז ער געבליעבען ליעגען דארטען
אין בלוט, אין שמוץ... דעם פריץ'ס הונד
האט איהם ארומגעשמעקט מיט חשק
גענומען לעקען פון דער וואונד
די לעצטע טראפענס, און געווארטשעט
פון פערגעניגען... ס'האט די נאכט
דעם עופות־הויף אין רוה פערוויקעלט,
די טהירלעך, לאדען צוגעמאכט.
עס זיינען רוהיג אין די שטייגען
געזעסען דארט, פון קעלט בעשיצט,

די פעטע גענז, די דיקע ענטען,
אין שלאף געקוויקט זיך און געשוויצט...
און נור דער פעלזען־קוואל האט רוישענד
זיין פרייען שטראם אין טהאל געיאגט,
געשפריצט ארום מיט טרערען־פערעל
און אויף דעם אדלער'ס טויט געקלאגט...

*

* *

יא, אמת, שטאלצער, שטארקער אדלער!
דו, אלטער העלד פון לופט און שיין!
דיין נעסט איז אויך ניט פריי פון שאדען,
עס רייסט זיך אויך אהין אריין
דער צפון־ווינד מיט פרעסט און שנייען...
ער פייפט, ער טאנצט, ער דרעהט זיך ווילד
ער פרובט צוברעכען דיינע פליעגלען,
דיין אדלער־ברוסט — דיין העלדען־שילד.
נאר דו הויבסט אויף דעם קאפ דעם שטאלצען,
צושפרייטסט די פליעגלען ברייט און פריי
און ווידער קעמפפסטו, ווידער פרובסטו
דיין גבור־מזל פון דאס ניי!...

בעזיעגט דער שונא דיך דער בייזער,
לעשט אויס אין ברוסט דעם לעצטען גלוט, —
און דו בעגיסט אין פיין און וועהטאג
די קאלטע ערד מיט ווארעם בלוט...
בלייבט פארט די טרייסט דיר: ביזט געפלויגען,
געפלויגען מעכטיג הויך און ווייט;
דו האסט געלעבט אן אדלער־לעבען,
דו האסט געפיהרט א העלדען־שטרייט!...

*

* *

אך, אדלער, אדלער! זעהסטו אבער
די פוסטע נעסטעליך געבוים —
אין וויסטע חורבות, קאלטע קוימענס,
אין אלטע וואנד? צו יעדען פלויט,
צו יעדען צווייגעל צוגעטוליעט,
אין יעדען שפאלט, ביי יעדער בריק?
דו זעהסט די נעסטעליך די פוסטע?
די לעצטע טרייסט, דאס איינציגע גליק
איז דארט דאס ווינקעלע דאס שטילע,
דאס ביסעל ווארימקייט אין קעלט,

דער מילדער בליק מיט פרייד און פחד
ארויף, צום ווייטען הימעל־צעלט —
צו געהט שוין ניט דער ליעבער פריהלינג,
ס'זאל זיין חאטש וואו, אין פעלד, אין טהאל
א טרוקען קערענדיל געפינען,
א פליעג, א ווערעמיל אמאל...
דו זעהסט די פויגעלעך די טויטע?
זיי האט דער ווינד פערוועהט מיט שנעע,
מיט שארפע נאדלען אויסגעשטאכען
די קלאהרע אויגעלעך ביי זיי.
די שוואכע פליעגעליך צובראכען,
דערשטיקט, אין טויטען שלאף פערשמיעדט;
און איז זיך פריי אוועקגעפלויגען,
און לאכט, און זינגט זיין תלין־ליעד!...

*

* *

איהר, אדלערן, קאנט אפט זיך רעטען
פון טויט־געפאהר און פון געוואלד:
ניטא פאר אייך צו־הויך אין הימעל,
ניטא פאר אייך צו־טיעף אין וואלד.

איהר ווילט ניט אדלערן! איהר ווילט ניט
פון שונא אבטרעטען א טריט,
און זיי די עלענדע און שוואכע,
זיי קאנען ניט, זיי קאנען ניט!!...





# צוויי טאַסטען.

---

ווי אויסגעטאַקט פון אַלטען העלפאַנד־ביין
אַ הוילער שאַרבען. אויגען טיעפע, בלאַהע
ווי ים־וואַסער; אַ באָרד אַ לאַנגע, גראַהע.
אַ מויל, אַנ'איינגעפאַלענעס, אָהן צייהן.
אַ וואַוקס אַ הויכער. אַקסלען דאַרע, שמאַלע.
די ברוסט, דער רוקען – הויט און ביינער גאַלע...
אַ זאַמד־אוהר האַלט ער אין דער לינקער האַנד,
אַ קאָסע – אין דער רעכטער... דורות בליהען
און וועלקען ווי די בלעטער... יאַהרען פליהען
פאַרביי ווי שאַטענס אויף אַ ווייסער וואַנד...
ניטאַ פאַר איהם קיין שנאה, קיין רחמנות,
ניטאַ קיין פרייד, קיין לייד, קיין שמערץ און וואונד...
פאַרצייטען איז געוועזן זיין נאָמען „קראָנאָס",
„די וועלט־געשיכטע" – רופט מען איהם אַצונד...
דער אַלטער אַבגאָט שטעהט און שווייגט, בעהאַלטען
אין טויטען גראַהען נעבעל אין דער הויך...

נאר ערגעץ דארטען, דורכ׳ן פּולווער־רויך
אין קוימען־קלאנג, פון אבגרונד פּנים קאלטען
צוויי טאסטען הער איך קלינגען שטארק און הויך.

---

## I.

מיט ליכט פערגאסען איז דער זאל,
דער טיש בעפּוצט מיט פרישע בלומען;
שאמפּאניער פליסט ווי פון א קוואל...
עס קלינגט און זינגט דער גאנצער זאל
א וויוואט! — „ניי־יאהר איז געקומען!"...
א בירגער־יום־טוב איז אין לאנד,
כ׳מוז אויך מיין בירגער חוב ערפיהלען,
כ׳מוז נעהמען אויך א כוס אין האנד
און נאכ׳ן טאקט א וויוואט שפּיעלען...
ניין, ניין, לאזט רוהיג שטעהן דעם וויין —
כ׳דארף קיינעם ניט מטריח זיין:
מיין כוס איז לאנג שוין פול געווארען
מיט גיפט און האס, מיט פּיין און צארען, —
כ׳ניס־אוים איהם דיר אין פנים היינט,

עס זאל אין היטץ, אין קעלט, אין רעגען,
וואוהין דו וועסט זיך נאר בעוועגען,
בעגלייטען דיר אויף אלע וועגען
מיין לייד, מיין פיין; אָ, בייזער פיינד!...

---

II.

די נאכט איז טויב, די נאכט איז שטום
און שרעקליך פינסטער איז ארום...
מיין פריינד! פון שטאהל איז אויסגעגאסען
דיין גייסט, ער פלאמט מיט העלדען מאכט;
דיין הארץ פאר טרייסט איז ניט פערמאכט,
דיין טהיר פאר האפנונג ניט פערשלאסען;
עס זענען אבער דיק די וועגד
און שטארק די שלעסער און די רינגלען, —
און דו פערברעכסט מיט פיין די הענד,
די פעסט פערשמיעדטע אדלער־פליעגלען...
א יאהר אוועק... ס'איז ניי־יאהר היינט —
און דורכ'ן נעבעל דורכ'ן שווארצען
בעגרים איך דיך, מיין ווייטער פריינד,
פון טיעפען ברידערליכען הארצען

מיט איין געפיהל, מיט איין בעגעהר:
עס זאל אין שווערען קאמפף און שטרעבען
פערזיסען דיר מיין הייסע טרעהר
דעם ניפט פון דיין פער׳סמ׳טען לעבען!...





# פאנטאזיע.

דער מענש איז א סוחר,
די וועלט א יריד;
מ'האנדעלט, מ'וואנדעלט
מ'קאכט און מ'זידט,
ס'איז ממש גאר רעכט
א כפרה צו ווערען,
אבי צו בעקומען
דעם רֶוַח וואס מעהר...
אך ניין, ניט קיין רֶוַח,
איך וויל, איך בענעהער —
גיט אב מיר צוריק
דעם קרן, דעם קרן!...

איך האב אין דעם האנדעל
דאך איינגעלעגט אלץ,
דאס טהייערסטע גוטס אויף דער וועלט:
מיין קינדהייט, מיין יוגענד,
מיין זין און מיין הארץ
האב איך אין סכנות געשטעלט.

נעיאגט זיך נאך רָוַח —
נאך כבוד, נאך יחוס,
געארבייט, געקאכט אהן א שיעור...
אך, ברידערלעך, לאזט מיך
ארויס שוין פון שותפות —
צו שווער איז דער האנדעל פאר מיר! —

צו גרויס איז דער קרן,
צו קליין איז דער רָוַח...
נעהמט, נעהמט איך אין גאנצען
די פרייד און דאס גליק,
אי יחוס, אי כבוד,
אי חכמה, אי גבורה,
מיר גיט נאר מיין יוגענד,
מיין יוגענד צוריק!

אך, גיט מיר צוריק
די גאלדענע יאהרען,
וואס זענען פערגאנגען
אויף אייביג פאר מיר,
אך, עפענט מיר אויף
דעם טויער פון גלויבען,

פון קראפט און פון האפנונג
די גאלדענע טהיר!...

איהר קוקט אויף מיר, ברידער,
איהר זיפצט, איהר בעדויערט
מיין ארימעס לעבען,
מיין נארישען זין...
אך, ארימע מענשען,
אך, נארישע מענשען,
איהר ווייסט ניט,
פערשטעהט ניט,
ווי גליקליך איך בין! —
ווי גליקליך איך בין
ווען, פריי ווי אנ׳אדלער,
צושפרייט זיינע פליעגעל
מיין גייסט און ער פליהט
אהין, וואו עס שיינען
די אייביגע שטערען
וואו אייביגע יוגענד
דופטעט און בליהט,
וואו אונזערע פריידען
און אוזערע ליידען
געפינען זיך ניט!...

# די קארטענ־ווארפערקע.

א פאר פערדארטע, אלטע הענד,
נור הויט און ביינער ווי די חארטען;
אנ׳אלטער שלייער אויפן קאפ,
אנ׳אלט פערשמאלצען פעסעל קארטען.

אט האט איהר זי ווי אבגעמאלט,
די קארטענ־ווארפערקע. א זקנה,
נישטא — זוכט אויס די גאנצע וועלט —
נישטא איהר גלייכען, זי איז איינע.

דאס אלטע פעסעל קארטען — אח,
רבותים, גיט מיר צו פערשטעהען,
וואס פאר א כח ליעגט אין דעם,
וואס קאן אלץ וויסען, הערען, זעהען?...

נו, גיכער, באבע, גיכער, נעהם
צולעג די קארטען. מאך קיין שהיות:
דו הערסט, ווי שרעקליך קלאפט מיין הארץ?
דו זעהסט? — עס נעהט מיר אויס מיין חיות...

נישט פון דער־היים בין איך צו דיר
גערומען; ניין, איך בין געוועזען
אין פיעל מקומות און געזוכט,
געזוכט א מיטעל זיך צו נעזען.

חכמים, לומדים, גרויסע לייט,
די קרוין פון אונזער קאפ, די ציהרונג
פון אונזער פאלק – איך האב געהאפט
פון זיי צו האבען א קורירונג.

צו זיי געוועגדעט האב איך מיך
מיט א נעבעט אין מיינע ליעדער,
איך האב געוויינט, געקלאגט פאר זיי:
אח, האט רחמנות, ליעבע ברידער!

היילט אויס מיין הארץ, מיין קראנקעס הארץ,
פערשליסט דעם קוואל פון מיינע טרעהרען;
בלאזט אויף אין מיר איין הייסען פונק,
צינדט אן אין מיר איין העלען שטערען.

קעהרט אום מיין הארץ, מיין קראנקען הארץ,
דעם אלטען הייסען, ריינעם גלויבען;
עס זאל די האפנונג נאך אמאל
ווי פריהער שיינען מיר פון אויבען.

איך האב אמאל געהאט א גייסט
מיט גרויסע, שטארקע, ווייסע פליענעל...
א ברוסט געקאוועט ווי פון שטאהל
און אויגען העלע ווי א שפיעגעל;

איך האב געגלויבט: איך וועל מיין פאלק
פון שלאף ערוועקען און בעפרייען;
זיין אלטע ברוסט, זיין אלטען גייסט
מיט קראפט בעפרישען און בענייען.

איך וועל איהם צייגען, וואו עס ליעגט
דער רעכטער וועג, וואס וועט איהם פיהרען
צו קראפט און לעבען, ליכט און גליק,
זיין קאפ בעקרוינען און בעצידרען.

איך האב געגלויבט... און זעהט, וואוהין
דאס לעבען האט מיך איצט פערטריבען!
פארביי מיין האפנונג און מיין קראפט,
נור טרעהרען זענען מיר געבליבען.

איך זינג ביינאכט מיין קינה־ליעד,
איך זינג — און מיינע שכנים זאגען:
— „אח, ווען וועט ער שוין שלאפען גערן
און וועט שוין אויפהערען צו קלאגען?!“...

חכמים, לומדים, גרויסע לייט --
איך בין אומזיסט צו זיי נאך עצות
געגאנגען. אלע הערען מיך
פערוואונדערט, קוועטשען מיט די פלייצעס;

זיי ווייסען ניט, פערשטעהען ניט
מיין שמערץ. מיין יאמער טהוט זיי שרעקען...
נו, באבע, אפשר וועט די קארט
דער רעכטען אמת מיר ענטפלעקען?

נו, זאג־זשע, זאג, וואס זעהסטו דארט? —
א בריעף?... א וועג?... נו, נו... א סבה?...
דו שווייגסט, דו לאזט דעם קאפ אראב?...
דו ווײנסט?... אח, וויין ניט, וויין ניט, ליעבע!

געה, אלטע, געה געזונדערהייד!
דיין קארט וועט מיר קיין נייס ניט זאגען...
איך ווייס מיין גורל אויף דער וועלט
און רוהיג וועל איך איהם פערטעראגען.

איך ווייס: מיין ליעד איז ווי א קוואל,
עס קען ניט אויסגעטריקענט ווערען;
נו, קלאנג־זשע, קלאנג, מיין ליעד ביז וואן
דו וועסט ניט אויסגעהן אין טרערען!...

# נאכט־בילדער.

אך, ווי שמוציג, פינסטער, נאס,
איז אויף אונזער אלטער גאס!
טיהרען, פענסטער שטעהן אפען
און דער עולם — אלע שלאפען;
שלאפען קינדער, שלאפען זקנים;
בלינדע, קראנקע — אלע אינ׳איינעם!
אויף דעם פארקאן אויבען־אן
שטעהט און שרייט דער אלטער האן —
שטעהט און שרייט זיי חי וקים,
צו א לעבען, צו א נייעם
פונ׳ם שלאף צו וועקען זיי...
אך, אומזיסט איז זיין געשריי!...
שטארקער דארף מען זיין פון אייזען
דאס צו זעהען, ליעבער גאט!
קומט אביסעל, כ׳וועל אייך ווייזען
ווי מע שלאפט ביי אונז אין שטאדט:

*
* *

דאס וועלט'ל דרעהט זיך,
דאס לעבען געהט זיך:
מע לויפט
מע וואנדעלט,
מע קויפט,
מע האנדעלט;
מע מאכט געשעפטלעך
ביזן טוידט
און טאקי אפטלעך
זיצט מען אהן ברויט...

מען קריכט צום אסעססאר
מע לעקט איהם די פינגער,
די מכה ווערט גרעסער,
דער בייטעל ווערט גרינגער...
מע שיט האבארלעך
אזוי ווי בארלעך,
מיט א קרעכץ,
לינקס און רעכטס...

מע פאהרט אין טאלנע
שִׁירַיִם חאַפּען —
אז דער קוואַרטאלנע
זאל מעהר ניט קלאַפּען...
אין באלטע, אין האמעל
מאכט זיך א סבה:
מע חאפּט א פּאנראמעל
און מע זאגט „ספּאסיבא"...

מע לויפט,
מע וואנדעלט,
מע קויפט,
מע האנדעלט;
טרייבט מען פון מאסקווא —
לויפט מען אין האלע;
יאגט מען פון האלע —
לויפט מען אין שפּאלע;
פון שפּאלע טרייבט מען —
איז דארף מען זיך סטארען:
קאן מען — בלייבט מען,
און ווארגט זיך, נארדען!

אויב ניט — איז ווידער
א דרעה די מאשינע:
עס, רוסלאנד, ברידער
איז א גרויסע מדינה!
ניט דא — איז דארט,
וואס זאל מען מאכען?
און טאקע פארט
די אלטע זאכען:

מע לויפט,
מע וואנדעלט,
מע קויפט,
מע האנדעלט;
מע קלייבט א גבאי
הושענה־רבה,
מע חאפט עליות —
עס איז א חיות!
מע האט א שטאדט
אין שוהל ביי'ם ארון,
מע נעהט אין באד —
צו לאנגע יאהרען!

מע קלײַבט רבנים,
מע הערט חזנים,
מע האלט א כאר, —
עס האט א פנים
פון דרײַ שװאַרץ־יאָהר !...



# א בריוועלע.

...מכתבך, חבר טהייערער,
קבלתי, ווי די ביהנעלעך
די פרעהליכע פון ביהנענשטאק
אין העלער זומער־שיין,
האט רוישענד זיך א שאט געטהון
א גאנצע מחנה גלענצענדע
זכרונות פון די גאלדענע
און ליעבע קינדהייטס־טעג —
זכרונות פון א יודישע
דערשראקענע נשמה׳לע,
א צאפּעלדיגע טייבעלע,
וואס אויפ׳ן ערשטען טריט
פון וויעגעל חאפּט עס אומגעריכט
א שטויס, א שליידער... ארימע
און עלענדע יתומה׳לע!...
זכרונות... דו געדענקסט?

אמאל, אין חדר געהענדיג,
פלעגט דער בעהעלפער שלאגען אונז,
דערנאָך אין חדר קומענדיג,
דער רבי געבען קלעפּ;
געפּיינינגט און געקאַטעוועט
פון דאנערשטאג ביז דאנערשטאג,
זיך קלאגען, דו, ליידאק!...
מסתמא, דו געדענקסט זיי נאָך,
און שא! דער מאמען סמעיע ניט,
די טעג, די זיסע, גאלדענע...
איצט פרעגסטו, חבר טהייערער,
וואס הערט זיך נייעס ביי אונז
אין שטעדטיל? — עט, מ'שטיינס געזאגט,
נייעס! גארנישט: יודען הונגערען
און קרענקען ווי דער מנהג איז;
די נבירים העלפען זיי —
מיט איינגעמאכטס, מיט לימנעס
(נאטירליך ווען זיי גוסס'ען
אין בית־החולים אונזערען,
ניט אין דער היים ביי זיך)...
אזוי איז פון קדמונים שוין

ביי אונז אין שטעדטיל איינגעפיהרט,
אזוי ווי כמה אנדערע
מנהגים אויף דער וועלט;
צום ביישפיעל נעהמען: קריעגען זיך
מיט זידלערייען, שעלטעניש
און, אז גאט העלפט, מיט פעטש אמאל
מה רעש? מען ווערט איינגעוועהנט —
א פאטש איז קיין סכנה ניט,
מ׳גיט צוריק מיט רוח נאך
און ווידער גוטע פריינד!...
איז מאכט זיך אויף צו־להכעיס נאר
ביי אונז אזא מין קאמעדיע:
צווי בעלי־בתים האבען זיך
צוקריעגט, און טרעף פאר וואס?
הא? פאר א שטאט אין מזרח־וואנד!...
אין קלויז ביי אונז איז קאלט און פייכט
און פינסטער, א דערשטיקעניש;
דאס דאך איז אלט און פויל,
די וואנד פערשימעלט; יאהרען לאנג
ניט רעמאנטירט ווי ס׳דארף צו זיין,
אפילו ניט פערריכט אמאל

קיין פענסטער און קיין טהיר.
דער עוֹלָם רעדט: קיין עֲוְלָה ניט
וואלט זיין, די „פאהן די גאלדענע"
זאל עפּעס טהון, עס זאלען זיך
א ריהר טהון פוּנ׳ם שלאף
די פּני, די פּריצים אונזערע —
צייט, כ׳לעבען, לאנג שוין צייט!...
אין מיטען דרינען, אומגעריכט,
ווערט א מלחמה... גאט מיין הארר!
עס דונערט און עס בליצט,
די גאנצע וועלט געהט חָאדָארָאם...
וואס איז? היוֹת אין מזרח־וואנד
איז דא א שטאט וואס יעדערען
פערווילט זיך זיצען דארט...
די שטאט, בעדארף איך זאגען דיר,
איז איינענטליך, א פרעמדע גאר —
געהערט צו א פעראָרימטען,
אנ׳אלטען בעל־הבית;
דער בעל־הבית, פערשטעהסטו מיך,
ליעגט נעביך אין שפּיטאל ביי אונז
שוין יאהרען־לאנג... נאר ניין, מיין פריינד,

וואס טויגען חקירות דא?
דער עיקר איז – אין ארימען,
איז וויסטען שטעדטיל אונזערען
איז חושך!... ווי די הינד
אויף א נבלה, האבען זיך
א שאט געטהון, א ווארף געטהון
דער שווארצער יאהר ווייסט ווער –
בינדיוזשניקעס און באד־יונגען,
שכורים און אסטראזשניקעס...
עס פליהען קלעפ ווי האלץ,
בלוט שפריצט און טרעהרען ביטערע
פערגיסען אונז, פערפליסען אונז...
אנ׳עולם־הפוך, ברודערקע,
א גיהנום, ליעבער פריינד!
עס ברענט, און מענשען טרינקען זיך
אין לייד, אין פיין, אין שרעקעניש...
שלעכט, ביטער!... און ביים רב
זיצט אנ׳אסיפה: ס׳האלטען זיך
אנ׳עצה, קלערען, טראכטען דארט
די בעלי־מוחות אונזערע,
און ריידען רעדט מען דארט

אז פונ'ם שלאק פון אונזערען
וועט גאר ארוים איה"ש
א טובה פאר'ן כלל:
מ'וועט גבאים אויסקלייבען
גאר נייע... הערסטו? אמת'ע
מתעסקים, רעכטע וועלט־טהוער,
וואס וועלען ווי א שטראם
פון אונזער לעבען אבשווענקען
דעם שאנד און שמוץ, דאס העסליכע
און שווערע שקלאווערײ...
איך הער זיך־צו צו זייערע
הבטחות — בוימאויל ווארימע
צוגיסט־זיך אויפ'ן הארץ ביי מיר,
א חיות גערט ארום
אין יעדען גליעד... אך, טהייערער
און ליעבער פריינד! דו קענסט דאך מיך:
איך בין ניט קיין פאליטיקער,
איך בין א פראסטער יוד
אויף קיין אסיפות געה איך ניט,
קיין עצות קהל גיעב איך ניט
און זאג קיין דעות ניט;

נאר אין מיין ארים ווינקעלע
פון קינדווייז עלענד זיצענדיג,
אוי, פיהל איך יעדען שטאך
און יעדען בריה!... איך ווארט, איך האף
און גלויב — איך, קבצן ביטערער,
איך קאליקע פעריאמערטער,
דערשראקענער, דערשלאגענער,
איך ווארט, איך האף, איך גלויב!...
דערווייל איז אבער, ברודערקע
שלעכט, ביטער!... כל ישראל — שטעהט —
חברים, און די קלעפ,
די קלעפ, די שווערע אייזערנע
חאפ איך דערווייל!... די פני,
די מיוחסים אונזערע —
זיי גרייטען זיך אין גיכען שוין
נבאים קלייבען... איינינע
געניסען שוין פאראוים
די גדולה פון א גבאי זיין,
דאס מתיקות, דעם גן־עדן־טעם
פון זיצען אויבען־אן...
און איך, איך קבצן פינסטערער.

פערגעה דערווייל פון נויטה, פון פיין,
פון גוואלד, פון אנגסט. פון שרעקעניש...
די לעצטע כחות צאנקען שוין,
דאס חיות גערט מיר אויס!...

---

איהר הערט דעם קלאנג דעם ביטערען,
דעם יאמער און געשריי?
זאגט, ליעבע פריינד, וואס ענטפערט מען,
וואס ענטפערט מען אויף זיי?!...



# משיח׳ס־צייטען.

ער נעהט.

אין בן דוד בא אלא בדור
שכלו זכאי או שכלו חיב.
(א גמרא)

---

— מזל־טוב אייך, ליעבע ברידער!
הוליעט יודען, אהן א שיעור!
אלע אדערן און גליעדער
זינגען, פרעהען זיך אין מיר...

וואס מיר עשו, ווער מיר המן,
וואו מיר אנגסטען, שרעק און לייד;
לויבט און דאנקט זיין ליעבען נאמען,
זינגט און טאנצט — משיח נעהט!

יא, דער אמת׳ער, דער אלטער
גואל־צדק. אין דער האנד
נישט קיין פאהן — א שופר האלט ער,
בלאזט און רופט אין הייליג לאנד:

— מלא חדוה, מלא דיצה,
קומט, רב איצע, קומט, רב פיצע,
גרייט זיך־צו אין איין מעת־לעת
מיט דעם גאנצען פערגעניגען:
מיט די וויעגען, מיט די ציגען,
מיט'ן פסח'דיגען געפעס;
אלע פיינע, אלע וואוילע,
פרומע קינדער אויף דער וועלט!"...
הילכיג געהט די תקיעה־גדולה,
פרעהליך שפרינגען וואלד און פעלד...
און אנ'עק דער סדרה בלק!...'

---

מיט די ווערטער, ווי א ווינד —
האסטיג, פליהענדיג, געשווינד,
לויפט אריין צו מיר ישראל'יק,
מיינס א שטיקעל שוועסטער־קינד;
טהוט א ווארף א גרויסען, דיקען
פאק גאזעטען אויפ'ן טיש:
— „נא! ס'איז ממש זיך צו קוויקען —
ווארים, צאפּעלדיג און פריש;

יעדער נומער, יעדער בויגען,
יעדע שורה אין דעם פּאַק,
וועט דיר עפּענען די אויגען.
לייען, ברודער... האָ? — געשמאַק?...

---

טעלעגראַמעס פליהען — שרעקליך! —
מאַרטיניקאַ בראַט און ברענט:
מענשען, חיות, בוימער, ווענד
רייסט און ברעכט דער שטורם אויף ברעקליך;
און קרבנות שעכט דער טויט
צעהנדליג־טויזענדווייז טאָג־טעגליך...
ווי־זשע מיינסטו — איז עס מעגליך —
פלוצים, פון דער העלער־הויט?
נעה שוין, נעה, דערצעהל מיר שמאַכטעס;
נעהם אַ דאַך, אַ סטייג, אַ וואַלד,
צינד זיי אונטער — זידט עס, קאַכט עס,
ברענט און פלאַקערט — אַ געוואַלד!
אויך דאָס זעלבע, אַז מיר לעזען
„מאַרטיניקאַ איז פערברענט“,
מעגסטו זיכער זיין — געוועזען

זענען דארט יענקעל'ס הענד:
מיט א סטאטשיק, א הבדלה
(צוגעדעקט זיי מיט דער פאלע)
קריכט ער צו ביי־נאכט צום בארג —
און עס ברענט!... דו מיינסט — ס'איז קארג?...
ס'לעגט זיך דיר ניט אויפ'ן שכל?
קוקסט אין מויל מיר מיט א שמייכעל.
הער: אהן סליעדסטוועס! — א גאזעט
ווייסט מסתמא וואס זי רעדט...
פון פאריז ביז ניקאלאיעוו
און פון קאוונא ביז אלזשיר —
כלו חיב, כלו חיב,
כלו חיב — זענען מיר!...

---

פון א גליק פון גאר א נייעם
הערט מען ריידען — געה און שריי
צו דעם בורא חי וקים;
רציחות ווידער אין קיטיי,
א בהלה א גערודער...
ווער? — דער „גרויסער קולאק"! נעהם

אבער טיעפער, ליעבער ברודער!
נעהם מיט קאפּ דעם טעם פון דעם
יא, דער „קולאק”, אמת טאקע,
נאר דער עיקר פארט איז ער,
יענקעל (זאל זיין איהם א מכה!).
ווייל, פערשטעהסטו, הארץ מיינס, ווער
שפּיעלט די חתונה די שעהנע?
ווער פערקאכט דארט דעם יריד?
טשין־טשון־טשחי? א ניים, — מאחינו!
און טשאן־טפו איז אויה א יוד!”...
— א גע... מאכטער?
— „אדרבא,
ערנסט, פרום, פון שעהנסטען גראד,
א מיוחס און א גבאי
צוואנציג יאהר שוין אין חב"ד.
נעהם דארט אלע קאמאנדירען,
יענעראלען! און בסוד
האלטען און עקספּלאאטירען
ווער די טאקסע, ווער די באד...
קוקסט אין טויל מיר מיט א שמייכעל?
ס'לעגט זיך דיר ניט אויפ'ן שכל?

נאר דו איינער! :: גאזעט
ווייסט מסתמא וואס זי רעדט...
און פון פעקין ביז פאטשאיעוו,
פון טיאן־צזין ביז סאנדאמיר –
כּלו חיב, כּלו חיב,
כּלו חיב – זענען מיר?...

---

ערגיץ דארט, אין חוץ לארץ;
כּזויים – זאל זיין אין בוקארעשט,
אין גאלאץ, אין יאס, פלאיעשט –
האט אנ׳אומגליק מיט א פריץ
זיך געטראפען: טיעף פערטראכט
וועגען האבער, גערשטען, קארן –
איז ער רוהיג זיך געפאהרען
אין א בריצקעלע ביי־נאכט.
אויפ׳ן וועג, דארט, וואו אין בלאטע
שווימען גענז א גאנצע ראטע
און די זשאבעס זינגען כאר,
שטעהט א בריקעל, שוין א יאהר
זעכציג, זיעבעציג אנ׳ערך

קרום און פייל און אלט ווי תּרח,
אהן רעמאנט — און שטעהט זיך פארט;
טרישטשעט, טרייסעלט זיך, נאר גאר ניט
אז אין ברירה, ווילסט ניט — פאהר ניט.
און דער עולם געהט און פאהרט
איהם אריבער זעהר גערן;
היינט וואס האט מען דא צו קלערען?
אונזער פריץ טהוט א שמיץ
פאהרט ארויף און... ווי א בליץ,
ווי א פייל פון בויגען פליהט ער
פונ'ם בריקעל קאפּ אין דר'ערד
מיט דער בריטשקע, מיט'ן פערד
גלייך אין בלאטע — נאס און שיטער.
קאלט און קלעפּיג... נאך א גליק
וואס א פאסטוך איז געוועזען
אקוראט ניט ווייט פון בריק
און דעם פריץ מיט א שטריק
פון די זשאבעס אויסגעלעזען...
ווערט א סלעדסטוויע — ווער און וואס?
און פון וואנען, און פון וואס?
מען דערגעהט: ווער? — יענקעל! קויליעט.

הענגט איהם, שיסט. ער זאגט זיך אב,
נאר עס העלפט ניט. הערט מיט קאפ:
— „ס'איז ביי אייך געווען דער מולד
יענעם אווענד?"

— יא.

— „אהא!

און בשעת קידוש לבנה
האסטו, ברודערקע, אזא
שפרונג געטהון פאר גרוים כונה,
אז די היטעל איז פון קאפ
אויף דער ערד ביי דיר אראב!
וואס־זשע דארף מען לאנג דא ברייען?
ס'איז דאך קלאר פאר אלט און יונג
אז די בריק איז פון דיין שפרונג
איינגעפאלען — זאגט דער דַיָן —
על כן, יענקעלע בעצאהל,
וואס זי האט געקאסט אמאל,
חאטש פער'משכן בארד און פאות"...
קלוג, איא? אי קלוג, אי גוט.
א פסק־דין לכל הדעות:
אין רומעניען א סוד

ווייסט מסתמא וואס ער טהוט!
פון מצרים און ביז קראיעוו,
פון בערדיטשעוו ביז קאאיר —
כלו חיב, כלו חיב,
כלו חיב — זענען מיר!"...

---

גנבות, היישעריק, חאלערא,
פליענען, ווערים, פילאקסערא,
קעלט, סכחאטע, האגעל, ווינד —
דער ווערט טויב און יענער בלינד;
דא איז הונגער, דארט קדחת,
דא א קלאג, דארט א געשריי —
אומעטום, לכל הפחות,
מוז א יוד זיין, אדער צוויי:
יודען טהוען אויף צו להכעים,
שנאת חנם קאכט אין זיי...
און איך שריי, און שרייען וויעדער
וועל איך — אייביג אהן א שיעור:
כלו חיב, ליעבע ברידער,
כלו חיב — זענען מיר!"..

---

בּלייךְ און דער רוקען געבּויגען
זיצט מיין ישׂראל'יק. ווי בּלייענע שווער
פון די פערטונקעלטע אויגען
טריפען א טרעהר נאךְ א טרעהר...
— „זאג־זשע מיר — פרעג איךְ איהם: זיי זיךְ מטריח
אז „כּלוֹ חיבֿ" בּיי אונז איז שוין גרייט
טא וואו־זשע איז ער?
— משיח?
נארעלע! הערסט דאךְ — ער געהט!"...



# משיח'ס צייטען

## די פאפירענע בריק.

(א באָבע מעשה)

---

אין א שטעדטיל
ווי געהייסען
האט דאס ליעבע
שטעדטיל, — ווייסען,

גלויב איך, אלע,
קליין און גרויס;
און אויב ניט,
מאכט אויך ניט אויס;

גשן, גינשפריג,
יארמעלינע —
וואס איז דא
די נפקא מינה

וואסער שטעדטיל,
וואסער טייך?
כ'שרייב דאך ניט
קיין גט פאר אייך;

אין דעם שטעדטיל,
ערב פּורים,
הויך און מעכטיג
ווי א שטורם,

האט א בּת־קול
זיך דערהערט:
„— יודען! גליק
איז אייך בּעשערט;

„אוים בּהלות,
אוים יללות,
אוים, א סוף
צו אייער גלות;

גיכער, בּרידער,
מאכט זיך גרייט,
מאכט זיך גרייט —
משיח געהט!"...

*　　*
*

און משיח
איז געקומען...
יודען לויפען,
שרייען, בּרומען,

אומגעלומפּערט
און צוהיצט,
אי פערמאטערט,
אי פערשוויצט,

רויט ווי פייער,
בלייך ווי מתים.
חאפּען תּפילין
און טליתים,

ספרים, בעטגעוואנד
און טעפּ;
ס'געהען חאדארעם
די קעפּ;

א יריד, א מארק,
א מורא;
ס'איז אין שטעדטיל
שמחת תורה;

און שוין פּלאנען
טאקע באלד
מאכען אלע,
יונג און אלט,

ווי אזוי דארט
אנצוהויבען
נאר א נייעס,
זיסעם לעבען.

* * *

מאטיע טשוואק
דער וואסערפיהרער
האט נעחאפט
דעם לעצטען פיערער

און, צופלאקערט
ווי א בליץ,
באלד אין שענק
אריין מיט היץ:

„— א גאט העלף,
אַ נו, רב חיים,
גיסט נאר אן
א כוס לחיים

און פון גרעסטען
טאקע שטאף.
וואסער פיהרען?
אוים, א סוף

ווייל אויף גאַנץ
ירושלים
ווערען זיין דאָך
שואבי מים

די בני גבעון!!...
געהט אין ד׳רערד
אי דאָס פּעסעל,
אי דאָס פערד!״...

* * *

„— הערסטו, סערדצע,
הערסטו האָדעל,
צום שוואַרץ־יאָהר
די שער און נאָדעל.

„אוים, אנ׳עק
צו שניידעריי,
און אַ לעבען
פון דאָס ניי!״ —

האָט געשריגען
יענקעל שניידער:
„כ׳נייה אַמ באַלד
אַ קלייד פון זייד דיר

„און א שלעפּ־שאל
קויף איך דיר . . .
געלד? דו, בהמה, —
אהן א שיעור.

הוליעט, קינדער!
הוליעט, ברידער!
ווייל אז באלד
גאָט וועט שוין ווידער

מיט זיין גרויסער,
שטארקער האנד
פירען אונז
אין אונזער לאנד

און דעם בית
המקדש בויען,
בין איך דאך,
מיין ווייב, א כהן!

זיץ זיך רוהיג
אין געצעלט,
און צו דיר
א גאנצע וועלט

געהט און טראגט
פון אלעס בעסטען
היהנער, טויבען
גאנצע נעסטען

מעשר, תרומה
פולע זעק,
מעהל און בוימאייל
אהן אנ׳עק.

ווארמעס קאכען,
הארץ מיינס! אח,
וואס דיר גלוסט זיך
— נעהם און קאך

א געבראטענסעל,
אנ׳ערך,
פון די פעטסטע
שוק ויַרֵךְ.

מיט א צימעסעל
פון שלמים
אנגעפעפערט
פול מיט בשמים!

קלייב דיר אויס
דעם בעסטען ביסען
און פערטרינק
מיט יין קפריסין.

„הא? א שמאלץ־גרוב
בנאמנות...
עס און טרינק
און ברייגג קרבנות!"...

* *
*

ביי א גלעזעל
גוטען מעד
איז געזעסען
און גערעדט

משה טראליסמאן
דער סקלאדטשיק
מיט רב שלמה'ן
דעם פאדריאדטשיק:

„— הייסט עס, קלערט איהר
נעהמען דארט
דעם פאדריאד?
גאנץ גוט. נאר פארט,

א בית־המקדש
סטרויען . . . שווערליך!
היינט ביי יודען
נעה בלייב עהרליך . . .

ניין, איך נעהם
דעם אטקופ דארט, —
א געשעפטעל
פערווי סארט;

פשוט זאגען,
גאלד צו שפינען,
ממון קרח
צו פערדיענען . . .

„— יא, רב משה,
אבער פארט,
איהר פערגעסט ניט —
וואהנען דארט

„וועט דאך נאר
דאס פאלק־ישראל,
אונזער לאנד
און אונזער קהל,

„זיין בײַ זײַ

א סקלאדטשיק... אח!

יודענס שכרות

ווייסט איהר דאך:

אויף הבדלה

און אויף קידוש...

„— אי, רב שלמה,

ס'איז א חידוש

מיר אויף אייך...

ווי הייסט... איהר הערט?

יודען טרינקען ניט!?

פערקעהרט.

גלויבט מיר, איך

וועל זיין צופריעדען;

טרינקען וועלען

מוזען יודען.

און מאקע י"ש

למען־השם;

ס'איז א פסוק

דא אויף דעם.

איהר געדענקט
דעם נביא'ס שרייען:
הוי שכּוּרים *)
ולא מיין!

היינט בּעקלערט,
אז ניט פון ווין,
מוז דאך דאס
פון בּראנפען זיין!"...

*     *
*

נחמן־מענדעל
ציפערבּלאט,
א ניקאלאיעווער
סאלדאט,

האט געמאכט
א שמועס אין מנין
וועגען חיל
(אין דעם ענין

---

*) שכורת

מן הסתם
איז ער גענימ)
—. חיל דארף מען,
ווי דען, נימ ?

יונגע לייט
איז קיין עין הרע
דא גענוג,
און ס׳איז א סברא

אז פון פריזיוו
וועט מען דארט
נימ אנטלויפען;
אבער, פארט

אלץ דארף זיין דאך
— בלאהאראדנע
א פאלקאווניק
און א ראטנע,

די אוטשעניע,
דער פאראד
אויסצולערנען
דעם סאלדאט

ער זאל זיין
אין סלוזשבע פלייסיג...
איז בבן,
חאטש א יאהר דרייסיג

אז איך געה
אויף קוליעס, האב
א קאנטוזיע
אין קאפ,

מיט אנ־אויסשפרוך
א פאנפאטען
(בירושה
פונ'ם טאטען)

און די לינקע
אויג זעהט אויך
עפעס אלץ
ווי דורך א רויך

אגב, יודען,
ווי איהר זעהט,
בין איך חאטש־בי
תיכף נרייט —

כּדי יודען
נים פערשעמען –
די קאמאנדע
אויף זיך נעהמען;

ארטילעריע
מיט פעחאטע,
מיט הארמאטען,
ביקסען . . . בלאטע:

נייהט נאר אויף מיר
א מונדיר
און איך ווער
א קאמאנדיר״ . . .

*　　*
*

אויפ'ן שוהל־הויף
ווערט א דראקע:
צוויי בינדיוזשניקעס,
און טאקע

די, וואס עברי
נים א ווארט,
האבען זיך
צו'טענה'ט דארט

וועגען דעם,
אויף וואָסער אַרט —
נוסח אשכנז
אדער ספרד

דאוונען ד א ר ט ע ן
זאל דער עולם...
„— אשכנז, בהמה!"
„— ספרד, דו, גולם!"...

„— יורקע!"... „— ממזר!!"...
און צו׳ם עק —
קלעפּ געבראטענע,
א שרעק...

* *
*

זעהענדיג
דעם עולם׳ס פרייד,
הערענדיג
די אלע רייד

מיט די פּלאנען
פונ׳ם קהל
אויפצן גאנצען
לאנד ישראל —.

„– שטעהט, רבותים,
ווארט נאר אוים,
אייער גליק
איז טאקע גרוים –

האט געזאגט
משיח. – „יודען
מענען טאקע
זיין צופריעדען.

הוליען אויפ'ן
העכסטען ארט,
וואס זיי האבען
מיך דערווארט,

אבער קודם
אלע זאכען
דארף איך דאך
די בריק איך מאכען

ווי איהר ווייסט דאך,
פון פאפיר.
ברייננט־זשע
מאטעריאל צו מיר"...

„וואס? פאפיער?

אח, מיר פערמעגנען

דאס אפילו

אבטצעדן וועגען:

„תנאים... גט...

פריחאד־דאסחאד...

יודען שרייבען.

דאנקען גאט!״...

* *

*

אויפ׳ן שוהל־הויף,

וואו אין בלאטע

שווימט ארום

א גאנצע ראטע

גענז און קאטשקעס

טאג און נאכט,

איז געווען

דער סקלאד געמאכט.

יונגלעך, מיידלעך,

ווייבער, זקנים

האבען זיך

צויאנט אינאיינעם.

און פאפיער
האט יעדער באלד
אנגעבראכט —
א שרעק, א גוואלד,

ספרים, ביכער,
בלעטער, בלעטלעך:
יודען לומדים —
נייע פשטלעך

שארפע, טיעפע —
על־פי־דרוב
אויף ויזתא׳ס
גרויסען „ו א ו״,

אויף „צ פ י ח ת״,
„א ח ש ת ר נ י ם״
מיט נוטריקון
און סמנים

אויף דעם רמז
וואס איז שייך
צו די ווערטער
„שני שדיך״.

אויף „שנתים"
אין „מקץ"
מיט א דרש
אויף „מוכּת עץ"

די זשארגאנע
ראמאניסטען —
גאנצע פּעק
פון אלע מיסטען,

ווי למשל
א ראמאן:
„דרייצעהן ווייבער
און איין מאן",

„פון א בת־מלכּה
מיט צוואנציג
פעלד־גזלנים
נעבען דאנציג" —

ווי זיי האבען
מיט געוואלד
אין א גרויסען,
טיעפען וואלד

די פערפיהרט
אונ דארט פערבארגענ
אין א הייהל,
אונ ווי אויף מארגענ

איז געגאנגענ
דורכן וואלד
א בעהעלפער
יענקעל שפאלט,

(נאך א שטעקעל
צו דעם קאנציק
פאר די יונגלעך
מק״ק דאנציג)

האט די בת־מלכה
געפונען,
די גזלנים
אין א ברונען

זעהר קלוג
אריינגענארט,
אלע צוואנציג
דארט פערשפארט

און אוועק
ביי־נאכט פאמעליה
מיט דער בת־מלכּה
צום מלך;

ווי דער מלך
האט בעלוינט
דעם בעהעלפער,
וועלכער וואהנט

איצט אין גינשפריג,
האלט דארט סקלאדען,
פיהרט געשעפטען,
נעהמט פאדריאדען...

און אזוי
אויף דרייצעהן אייל
א ראמאן
אין זיעבען טהייל...

*

*     *

די זשארנאנע
גראמען־קלייבער —
שארפע מחות
וואזשנע שרייבער

מיט פאנטאזיעס
א בראנד ! —
האבען תיכף
איינגעשפאנט

א פאר ציעגען
אין א שליטען
מיט א בהמה
אין דערמיטען

און געבראכט
פאפיער א בארג
און געזאגט,
אז אויב ס׳איז קארג

וועלען זיי —
מען זאל ניט זארגען —
נאך אזוי פיעל
ברייגגען מארגען:

שירים, מליצות,
ווארט צו ווארט
אנ׳אנטיק
צונויפגעפארט,

ווי, למשל:
טאטע,
שמאטע;
ציעגען,
פליעגען;
איציע,
פיציע,
פיצעריצע;
קעפעל,
קנעפעל,
טעפעל
זיך;
אפיקומן,
קימען,
רויך...

קורץ געזאגט —
אזעלכע גראמען,
וואס מען קאן
מיט זיי זיך סמ'ען...

*
* *

די פאלעמישע
קריטיק —
שמאטעס, בוי
חאטש דרייצעהן בריק.

ספליאטקעס, מעשה׳לעך
צום לאכען
פון אינטימנע
פרעמדע זאכען;

וואס טרינקט דער,
וואס יענער עסט,
ווער ביי ווען
זיצט אויף קעסט; —

מיט א שפראך
וואס זי צו הערען
בעל־עגלה׳ס
דארף מען ווערען...

*   *
*

אויף פאפיער
פון שענסטען ארט
האט משיח'ן
געבראכט

זיין אטשאט
דער פרנס־חודש
וואו ס'איז יעדע
ציפער קודש:

וואס, פון וועמען,
וויער און וועם —
און קיין קאפיקע
ביי דעם...

איהר אטשאט —
די תלמוד־תורה,
אבגעדרוקט
מיט מרה שחורה...

און דער הקדש
און די שוהל —
אנ'אטשאט
מיט ציפער פול:

וויפיעל שפאלטען,
וויפיעל לעבער
אין די װענד
און אין די דעכער.

וויפיעל הייצונג
געהט אװעק
ס'זאל דארט זיין
א קעלט — א שרעק.

דער ראבינער —
זיינע דרשות,
וואס פון זיי
שלאגט אן חלשות...

בעלי־טאקסעם —
דעם קאנטראקט,
וואו עס שטעהט
בפירוש: „האקט,

רייסט און שינדט
די הויט פון קונה,
ווי פון אייער
גרעסטען שונא״...

די רבנים,
  די מופלגים —
שאלות־תשובות
  וועגן סיגים,

יין־נסך
  און חליצה,
סמן־נערות
  און מציצה...

חברה־שניידער —
  גאנצע פעק
מיט מסירות
  אהן אנ׳עק:

אויף די קלעפ
  הושענא־רבה
אין בית־מדרש
  פאר דעם גבאי,

אויף דעם סטאראסטעס
  „ד א ח א ר",
אויף דער שוהל
  און אויף דער באד...

די מלמדים
פונ'ם שטעדטיל —
א פאדראבנעם
לאנגען צעטיל

וויפיעל מאל
אויף יעדע שעה
שטארבען זיי
פון הונגער דא;

וויפיעל קרומע
און הארבאטע
און זאאיקע
און פאנפאטע

זענען צווישען זיי
פארהאן,
און דערצו
געמאכט א פלאן

א קארטינע
פונ'ם חדר,
וואו זיין ארט
פערנעהמט דארט יעדער:

וואו די קוואטשקע,
וואו די ציעג,
וואו די בעט
און וואו די וויעג...

וואכערניקעס —
לאנגע ספיסקעס,
ווי געמאטעוועט
די קישקעס

ביי יתומים
און אלמנות
מיט פראצענט —
פאר גרוים רחמנות...

דער פאדריאדטשיק
פון דער באד
האט געבראכט
א לאנגען סטשאט,

וואו ס'איז דייטליך
אלץ פערשריעבען,
וואס ביי איהם
איז ניט געבליבען...

פון איספראוניק
דער דיעסיאטסקע
האט געבראכט
א גאנצע טאצקע

פול מיט יודישע
דאנאסען,
און געזאגט
בזה הלשון:

— היות, דער עולם
געהט אוועק,
טא נעהמט מיט זיך
אט די פעק

ספליאטקעס, פראזבעס
אלע סארטען,
לאז מען זיי שוין
רעשען דארטען.

קורץ, פאפיער
פון אלע ווערק
גאנצע סקירדעס,
גאנצע בערג —

א דערקוויקעניש
צו זעהען!...
אבער הערט,
וואס ס'איז געשעהען:

אז משיח
האט בעטראכט,
וואס דער עולם
האט געבראכט —

אט די אלע
אלטע שמאטעס,
דא מיט לעכער,
דארט מיט לאטעס;

אט דעם שמוץ,
דאס מיסט און שטויב,
וואס עס מאכט אונז
בלינד און טויב,

וואס פערצאמט
דעם וועג דעם ברייטען,
ווי מיט גראבע,
שווערע קייטען,

און עס מאכט
צו שפאט און שאנד
אונזער פאלק
אין גאנצען לאנד.

ביי דעם מינדסטען
אין די אויגען, —
האט ער טיעף
דעם קאפ געבויגען

און געזאגט:
„— ניין, ברידער, ניין...
אפשר איז דאס
גוט און שעהן.

אבער חוץ
נאר אלע זאכען,
אויף די בריק,
וואס איך דארף מאכען,

ניט אזא מין
סארט פאפיער,
ליעבע ברידער,
טויג פאר מיר

*    *
*

פון דעם בּיטערען
אוּן בּייזען
גלוּת, — יוּדען
צוּ דערלעזען ...

אוּן משיח
האָט זיין פערד
פון דעם שטעדטיל
אָבּגעקעהרט

אוּן מיט טרויער,
שמערץ און צאָרען
ווייט פון דאָרט
אוועקגעפאָהרען ...



# אין שמוינעווקע.

(רייזע־בילדער).

---

Schönes Grabmal meiner Ruh...
Schöne Wiege meiner Leiden,
Heine.

---

## דער ארייגפאהר.

א גרוס דיר, שמוינעווקע, די וויעג
פון מיינע זיסע קינדער יאהרען!
מיר זענען ביידע יונג געוועזן
און זענען ביידע אלט געווארען.

פערקיהלט, פערגליווערט אונזער בלוט,
פערפינסטערט אונזערע מחשבות...
דו ליעגסט פערשלאפען און פערבלענדט,
איך פאהר צו דיר אויף קבר־אבות...

דער בעל־עגלה שמייסט און פייפט,
די רעדער קרעכצען, קוויטשען, קנאקען;
אויף יעדען שריט און טריט איז גרייט
דער וואגען ברעכען האלז און נאקען...

נאר, מילא וואס, מ׳פאהרט אזוי
שוין כמה יאהרען — אויף ירידʼען,
אויף טארגעס, חתונות... עס בלייבט
די וועלט א וועלט, מיר — בלייבען יודען!...

---

## אין סאמע שמוינעווקע.

נו, דאנקען גאט, געקומען!... כ׳זעה
בעקאנטע ערטער פון דערווייטען.
גוט מארגען, שמוינעווקע! עס רוישט,
עס קאכט און זידט פון אלע זייטען...

ווי פון קדמונים איז דא אלץ
אויף אלע גאסען, אלע מארקען;
דער בית־מדרש אהן א דאך,
דער בית־הקברות אהן א פארקען.

עס פייפט, עס בלאזט דער שטורם־ווינד,
אין תלמוד־תורה טל־ומטר...
און עולם לעבט! עס קאכט, עס זידט,
עס ארבעט, לעבעדיגער פאטער!...

עס קאכט און זידט, עס רוישט און ברומט,
אין איך קליוב נחת אין דערמיטען...
א גאנצען טאג געה איך ארום,
איך געה ארום און מאך וויזיטען:

---

## ביי׳ם רב.

מיין ערשטער וויזיט — צו דער קרוין פון דער שטאדט,
צו דעם מרא דאתרא. ביי׳ם רבי׳ן
איז רוהיג און שטיל; גאט בעגיסט מיט גענאד
בעשיינט און בעזעליגט זיין לעבען.
על התורה ועל העבודה פערבראכט
אין שטעדטיל האט ער א יאהר דרייסיג —
גערוהט ביי־טאג און געלערענט ביי־נאכט,
די ספרים געבלעטערט זעהר פלייסיג.
איצט האט ער מיט אנדערע זאכען צו טהון
ניט ווילענדיג: ראשית, תנאי־גטים
פאר זאפאסנע... הכנסה? עס הויבט זיך ניט אן;
אודאי, ער נעהמט און מ׳גיט איהם,
נאר, מישטיינס געזאגט, וואס איז צו נעהמען ביי זיי?

א דרייער איז אויך א מטבע;
פרוב זאג איהם: „גיב נאך״, ווערט א קלאג, א געשריי
און יעדערער זאגט נאך א דעה!...
חוץ גטים איז שמוינעווקע סאמע דער ארט,
פון וואנען שוין עטליכע יאהרען
מען קלויבט זיך ארוים און מ׳פאהרט און מ׳פאהרט —
וואוהין? מאכט ניט אוים, אבי פאהרען:
אין קובא, אין האצעקלאץ, ג׳שן, פאמיר,
ארגענטינא, קאנאדא, אוגאנדא,
און רעדט נאר א ווארט ארוים—שטעהט ביי דער טהיר
אגענטען שוין גרייטע א באנדע.
מ׳זועט איך פערנעהמען מיט אלץ וואס איהר האט
און היידא! מ׳פאהרט, א נחמה!
און קומען צוריק זאל שוין העלפען איך גאט
און ראטעווען איך די נשמה...
דער רב, זאל געזונד זיין, פערשטעהט ווי עס נאגט
די יודישע קראנקע נשמות,
זאגט מוסר דעם עולם, זיפצט נעביך און קלאגט
און שרייבט די אגענטען הסכמות!...
ער מוסר׳ט דעם עולם, אזוי ווי עס פאסט,
און בוינט פאר די גבירים דעם רוקען:

ער לערענט און פסקנ'ט און דאווענט און פאסט
און איז מחרים דעם „חדר מתוקן"...

---

## ביי'ם ראבינער.

ביי'ם ראבינער האב איך
דעם וויזיט גוט און גיך
אבגעפטר'ט: „וואס מאכט איהר, הערר דאקטאר?"
— „וואס איך מאך, פרעגט איהר? עט,
דא א ברית, דארט א גט,
וסיא נא סוויעטיע קאק וואדיטסא*) —, זאגט ער —,
פון מעת־לעת צו מעת־לעת
דא פערשרייבען א מת,
דארט א חופה, — עס נעהט ווי א מזמור;
כ'נעהם פא טאקסע פאר אלץ,
עס מיר האניג און שמאלץ
און עס לעבט זיך ווי אין פאראדיז מיר.
אין שוהל יעדעס יאהר
האלט איך רעדעס א פאר

*) אלעס ווי ס'פיהרט זיך אויף דער וועלט.

(קלוגע רעדעס, מיט דרש און מיט חקר),
דריי מאל יעדע וואך
שפּיעל איך ווינט און דערנאָך
האַפּ אנ'אַקעלע איך בײ'ם אַפּטײקער.
איינס נאָר האָט מיר געפעהלט:
איצט איז, ווייסט איהר, א וועלט
א דולע, — ציקאַווע צו זעהען, —
יעדעס יונגעל, א שנעק,
ליאַרימט, שרייט אהן אנ'עק:
„מען מוז לשון־קודש פערשטעהען!"
מילא וואס זאל איך טהאָן:
טאַנץ איך אויך אינ'ם קאָהן
און, כּדי דאס געפּילדער ניט הערען,
נעהם איך שטונדען כּמעט
יעדען טאָג; כ'בּין שוין מאַט,
טשאַרט וואזמי,*) נאָר איך לערען און לערען...
. . . . . . . . . . . . . . .
א האַלבּ יאָהר שוין, — איהר הערט?
ס'איז דאָך פּאַרט עפּיס ווערטה;

*) נעהמט'ס דער טייוועל.

און וואס מיינט איהר? ס'איז גאר ניט קיין חדוש,
אז נאך א יאהר דריי
וועט קאנען שוין פריי
ער אויסלעגען „יורקע״ אויף יודיש!...

---

# א קאנצערט.

איך האב בעקומען א בילעט
פון היגען דאמען קאמיטעט
אויף א קאנצערט אין זאל „סאבראניע״:
מאדאם פראסקאוויא לאקשענבערעט,
מאדאם פאן־סקאצעלקומט מאלאניע
עמאנואלאוונא, מאדאם
געטרודע לוואוונא טאראראם,
אוודאטיא טשוואק, אגנעט הארמידער
און פריילין עמא קידער־ווידער
מיט פריילין קאטיא קאדעשמאלץ;
זיי אלע האבען דריי חדשים
נעבערענט, געפלאמט, כמנהג נשים,
נעווען פערארבעט ביזן האלז,
געדרוקט אפישעס און פראגראמען

און א בופעט דארט צוגעגרייט
מכל המינים, פיין און ברייט.
און לעבען זאלען טאקע דאמען!
עס איז געווען אזא קאנצערט,
וואס יודען האבען מקדמונים
נאך ניט געזעהען, ניט געהערט
פון א מין אויסנאהם פון אזוינעם:
דער זאל האט וואונדערליך געגלאנצט,
בעפוצט מיט פלאגען, צווייגען, בלומען;
דער עולם האט זיך היים גענומען —
מען האט געשפיעלט, מען האט געטאנצט.
מען האט געהוליעט... און געבליבען
הכנסה איז א רובל זיבען!!!...
אויף מעות חטים? — זעהר פיין;
אויף מצות ניט, נאר על כל פנים
נענוג אויף יתץ וועט עס זיין
פאר אלע שמוינעווקער קבצנים...

---

## א מיטינג.

נעזעסען זענען ארום טיש

דער אינזשעניער אנופריי קנאבעל,
צוויי אדוואקאטען לאקש און קניש,
דער היעגער דאקטאר קרומעשנאבעל
סטיעפאן פעטראוויטש מיט'ן הערר
מאווריקיי פימסענהאלץ, זיין שוועהר
וואס האלט ארענדעס, נעהמט פאדריאדען,
בעזיצט אין שטאדט צוויי צוקער־סקלאדען
און שיקט נדבות טיעף דיק און פעט
אין דעם טיורעמנעם קאמיטעט..
חוץ זיי געוועזען זענען דארטען
אינטעליגענטען כל הסארטען,
מיט וועלכע שמינעוקע שטאלצירט
אין קלוב ביי אלע גרינע טישען...
צונויפגערופען און געפיהרט
דעם מיטינג האבען לאקש און קנישען;
גערעדט האט קנאבעל:
„— גאספאדא?
אין שטאדט ביי אונז איז איצט הו־הא —
מען באקט פראגראמען און פלאטפארמעס
מכח גרינדליכע רעפארמעס,
אזוי ווי מצות אין פאדריאד,

און ווער? יונגאטשעס, ציוניסטען,
וואס וואקסען איצט אויף אלע מיסטען!...
בכן, עס זאל אויף אונז קיין חשד
ניט פאלען, דארפען באלד דערלאנגען
מיר א פעטיציע, א כתב,
פון אונזער קלאס, אז מיר פערלאנגען
און בעטען „אוראווניעניע פראוו" *)
פאר זיך אליין נאר, ביחידות
פון דעם קהל — פארשיווע זשידעס, **)
און ס׳זאל ניט שטעהען אפילו דארט,
ניט זיין קיין זכר פון׳ם ווארט
„יעוריי" אין אונזערע זאקאנעס:
מיר זענען רוסען! רוסען, נאר
פון תורת־משה. דאס איז גאר,
וואס מיר פערלאנגען. בנאמנות,
נעהמט מיך: אנ׳אמת׳ער ווארי‌אג
א רוסאפיאט, נאר פון תרי"ג,
אנ׳עכטער פאניע — מדאורייתא!"...

---

*) די פערגלייכונג פון די רעכטע.

**) שמוציגע יודלעך.

הערר קנאבעל רעדט א שעה און צוויי,
ער קאכט, ער פלאמט... נא רהערט א מעשה:
אין מיטען דרינען – איך דערזעה –
ער ווערט פערציטערט ווי פון פיעבער,
בלייך ווי די וואנד... ער שפרינגט אריבער
דעם טיש... ער פליהט פון זאל אין קיך.
בעהאלט זיך אויפ'ן אייוועז ניך...
נאר וואס־זשע איז דאס מיט'ן גבור,
מיט דעם וואריאג, דעם רוסאפיאט,
דעם עכטען „רוסקיי פאטריאט"?
איהם האט זיך פארגעשטעלט... ווער? המן?
עמלק? אסור, -- גלאט אזוי
א קאזאק, ליעבע פריינד! אוי־אוי.
א קאזאק פון זיין ליעבען נאמען...

. . . . . . . . . . . . . . . .

נאר ווי בעקאנטע האבען מיר
דערצעהלט, איז פארט שוין די פעטיציע
דערלאנגט – אויף הערבאווע פאפיר
און מיט א הכשר פון פאליציע...

---

# כבוד.

ניטא פאר דעם טויט קיין צו־טייערער קרבן.
דער שטוינעזוקער עושר איז נעכטען געשטארבען,
דער גביר, וואס מיט איהם האט געליארימט א וועלט;
געהאט וואס א מויל קאן נאר אויסריידען: געלד
און כבוד; געלעבט אין א פאלאץ — קוממיות,
געפאהרען אין קארעטעס — פשוט א חיות,
געוועזען, ווי ס'הייסט, א בן־יחיד ביי גאט...
און היינט איז געווען די לויה אין שטאדט.
אי־אי, א לויה! מען רעדט ניט פון יודען —,
א דריטעל ניטא אויף די גרעסטע ירידען;
בעגלייטען דעם גביר אויפ'ן היילינען ארט
און אנטהאן א זעלטענעם כבוד איהם דארט
איז — הערט איהר? — בכבודו ובעצמו געקומען
האדון איספראווניק, האט פריינדליך גענומען
און לאנג נאך דער מטה פאד־רוטשקע געפיהרט
די „וויסטע" אלמנה אין טרויערנעם שלייער,
נעגעבען, צו מונטערען, שמעקען איהר ספירט,
אין פנים גאלאנטנע געפאכט מיט'ן ווייער...
דאס הארץ האט געפרעהט זיך צו קוקען אויף דעם

ואון היגער איספראווניק האט לאנג שוין א שם,
גאר פשוט גערעדט פון א רשע־מרושע . . .)
דער עולם אין שטאדט האט געשאצט די ירושה
און נחת געקליבען, דערהערענדיג ווי
צוויי שמוינעווקער פריצים, און דוקא פון די,
וואס האבען ליעב יודען ניט איבעריג אפילו,
דערצעהלען: „געווען א פינאנסאווער עילוי,
פון קינדווייז אריין מיט די פיס, מיט די הענד
אין חכמת הבערזע, אין הלכת פראצענט,
געפיהרט פאר דער נאז כמה פריצים און גדולים
און טייבעלעך זענען געפלויגען אין מויל איהם
געבראטענע. פעטע, א טוץ יעדע וואך;
מיט דעם פרעדוואדיטעל מחותן געווארען
און בי׳׳ם גובערנאטאר געווען כל־זולך,
גענעראלען אויף כבוד צו איהם פלעגען פאהרען;
מעדאליען מיט ליענטעם געהאט אהן אנ׳עק
פון אשכנז, פון ספרד, פונ׳ם טערק, פונ׳ם גרעק,
פון הודו, פון כוש, פונ׳ם פערס, פונ׳ם טאטער...
א כבוד, א גדולה, — דו, גאטעניו־פאטער!״ . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אך, מיין פאלק! מיין נאריש, אלטעס

פאלק! פערבארג דיין שמערץ, בעהאלט עס
טיעף אין הארצען!... אויב ניט געלד,
וויפיעל כבוד, קבצן ליעבער,
בירושה לאזען איבער
דיר די גבירים אויף דער וועלט!...

---

## צוריק.

איך פאהר צוריק, פערטראכט און שטום...
עס הויבט זיך אויף א ווינד א קאלטער,
יאגט וואלקענס שטויב און זאמד ארום...
עס רוישט און ברומט דער וואלד דער אלטער...
עס רוישט און ברומט דער שטורמווינד...
די חמארע וואקסט פון אלע זייטען...
עס וואיען וועלף, עס בילען הינד...
עס בליצט און דונערט פון דערווייטען...
חזרים בושעווען אין דארף...
דער וויכער דרעהט זיך גיכער, העכער,
דא טהוט א פארקען ער א ווארף,
דארט ברעכט ער ווענד, דא רייסט ער דעכער...

די נאכט איז קאלט, די נאכט איז שווארץ —
זי זידט מיט שנאה, האס, נקמה...
אהיים, אהיים, מיין קראנקעס הארץ!...
אהיים, מיין עלענדע נשמה!...



# נאכט ליעדער.

## I.

---

### א.

דאקטוירים זאגען — איך בין קראנק,
א ווילדע קרענק האט מיר געטראפען:
א וועלט מיט יודען ליעגט און שלאפט —
און איך נאר איינער קען ניט שלאפען...

דאקטוירים זאגען — איך בין קראנק,
און שרעקליך זענען מיינע שמערצען:
א וועלט מיט יודען זיצט און שווייגט —
איך איינער רייס זיך אויפ׳ן הערצען.

שריי „חי וקים!“, זיפץ און וויין
און זינג נאר טרויעריגע ליעדער...
אה, לאזט מיר ויינען אהן א ברעג!
אך, לאזט מיך זיפצען, מיינע ברידער!

אידר ווייסט אויף וואס איך וויין? הערט אויס:
איך האב א ביכעלע געלעזען;
דארט איז בעשריבען, אז אמאל
איז אויף דער וועלט א פאלק געוועזען, —

א גרויסעם פאלק, א שטארקעם פאלק,
האט פיעל געהאט אי שטעדט, אי פעלדער
פיעל דערפער, גערטנער, שעפסען, פיה,
פיעל טיעפע טייכען, גרינע וועלדער;

פיעל העלדען האט געהאלטען לאנג
דאס פאלק אין פחד און אין מורא:
פיעל פעלקער האבען ביי דעם פאלק
געלערענט וויסענשאפט און תורה.

און איצט...
יא, אמת! — איך בין קראנק —
א ווילדע קרענק האט מיך געטראפען:
א וועלט מיט יודען ליעגט און שלאפט —
און איך נאר איינער קען ניט שלאפען!...

---

## ב.

דער עולם שלאפט! — דער גענעצט נאך
און יענער חראפעט שוין בשלום...
ווער קלאפט צו מיר? — א, דאס איז ער,
מיין אלטער חבר — דער בעל־חלום.

איך בין מיט איהם שוין לאנג בעקאנט
און קען פון איהם ניט פטור ווערען...
ער קומט צו מיר, ער נעהמט מיך מיט,
צינדט אן זיין קליינינקען לאנטערען —

„— קום, ברודער! — זאגט ער — קום מיט מיר;
דער זייגער האט ער'שט צוועלף געשלאגען —
עס איז נאך לאנג, עס איז נאך וויט,
ביז עס וועט אנהויבען צו טאגען...

קום, ברודער, קום, פאר דיר איז דאך
ניטא קיין שלאף, ניטא קיין פריעדען
טא האב חאטש נחת קוקענדיג,
ווי זיס און רוהיג שלאפען יודען;

קום, ברודער, קום־זשע!..."
— און איך געה.
ווי פינסטער איז פון אלע זייטען!
עס בילען נאר די יאטקע־הינד
און זשאבעס קוואקען פון דער ווייטען...

קיין מענשען־שטימע הער איך ניט,
קיין איינציג ליכט זעה איך ניט ברענען...
נו, שטעל זיך אב — אט זענען זיי —
בעקאנטע בילדער, אלטע סצענען:

## ג.

אט שלאפט א יוד – א פיינער יוד,
ר׳ אברהם־שלום קאנטעמירער;
ער איז א גרויסער בעל־הבית
און איז דער גרעסטער שטעדטיל־פיהרער.

מען זאגט: „דער קאראס (א מין פיש)
האט האלט אין שמאנד געפרעגעלט ווערען׳.
– אט ווי דאס פישעלע – אין שמאנד,
האט האלט דער „כבוד" זעהר גערען

צו קאכען זיך, צו פרעגלען זיך
ביי אברהם־שלום׳ען אין הערצען....
אך, וויפיעל טרחה טראגט אויף זיך
און וויפיעל האט ער, נעביך, שמערצען?

ער מוז דאך זיין -- פערשטעהט איהר מיך?
ר׳ אברהם־שלום קאנטעמירער,
צו וויל, צו ניין, עס העלפט דאך ניט –
ער מוז דאך זיין דער שטעדטיל־פיהרער;

ער מוז דער גבאי זיין אין שוהל:
ער מוז זיך, נעביך, נעהמען ששי;
ער מוז דאך סטארען זיך צו זיין
א גבאי אויך אין חברה־קדישא.

און גאר ניט ווילענדיג האט ער
געמוזט דאך פאר הושענא־רבה
געהן מיט א... יענעם... ווי רופט מען עס?...
אויף צלאל־בער, דעם אלטען גבאי...

היינט וויפיעל האט איהם אבגעקאסט —
עס איז דאך גאר ניט צו בעשרייבען —
עס זאל ביי זיי נאך אויף דריי יאהר
די טאקסע פאר זיין שוואגער בלייבען...

אך, זעהט ווי, נעביך, מאט איז ער!
ער שלאפט און זעהט א זיסען חלום —
ער זעהט... אך, וועקט ניט, וועקט איהם ניט, —
א גוטע נאכט, ר׳ אברם־שלום!...

---

ד.

אט שלאפט א דאמע... שטעהט,ווארט אויס:
איהר קענט דעם סוחר אלי־חנה,
וואס פיהרט פארקויפען ווינד מיט רויך
און האלט א קרעטשמע אויף דער לבנה?...

איהר קענט איהם טרעפען יעדען טאג
פון צעהן ביז צוויי, ביז דריי דעם זייגער
אין דער אופּראווע... אט דאס איז
זיין טאכטער... איהר פערשטעהט — א שטייגער

דעם סטאנאוואי'ס מאדאם אליין,
די ערשטע דאמע אין דעם שטעדטעל
איז גוט מיט איהר: אט דא ניט לאנג
האט זי איהר צוגעשיקט א צעטעל

און איינגעלאדען זי צום באל
צו'ם מאסקאראד אין דער „סאבראניע"
איהר הערט? פארשטעהט איהר וואס בעטייט,
וואס הייסט אזוי א מין קאמפאניע?...

הא? וואס? איהר זאגט: ס'איז ניט כדאי
זיך נאך אזוינע קענטשאפט יאגען?
„ס'איז דא וואס בעסערס" — זאגט איהר — נו?
גוט, נו? וואס נאך האט איהר צו זאגען?

„— די קינדער יאגען זיך ארום —
א ביסען וואו ניט איז צו חאפּען;
דער טאטע לויפט פון גאס צו גאס —
א גמילת־חסד צו דערטאפּען;

„די מאמע האט דאס לעצטע קלייד
אוועקגעטראגען אין משכנות..."
— נו, מילא וואס? נו, וואס־זשע איז?
עט, לאזט צו רוה — ס'איז אהן סכנות...

שלאפט, שלאפט, מאמזעל! א גוטע נאכט!.
דאס וואס האט אייך געזאלט זיין, חלעבען,
וועט אויסגעהן צו דעם טאטע'נס קאפ
און צו דער מאמע'ס לייב און לעבען...

---

## ה.

אט איז א פאלאץ... אך, ווי שעהן,
ווי פרעכטיג: ביין און סאמעט
זייד, לעדער, בראנזע, צעדער־האלץ...
דא וואהנט א יודישער מלמד.

איהר לאכט, רבותי?... ניין,ווארט אויס —
ס'איז גאר ניטא דא וואס צו לאכען;
אט ווארט נאר אויס — איך וועל אייך באלד
דעם חשבון גאנץ פאדראבנע מאכען:

פון סאמעד איז די יארמעלקע —
זי גלענצט און שיינט פון ווייטענס;
די טייטעל איז געמאכט פון ביין;
דער גארטעל איז פון זיידענס;

פון בראנזע איז דער הענגלייכטער;
דער קאנטשיק איז פון לעדער;
דאס בענקעלע — דאס בענקעלע
איז אויסגעשניצט פון צעדער...

א וואזשנע בעל־הבתי׳שקייט! —,
עס, טרינק און שלאף און לעב אין פריעדען
ווער ברייט און לאנג, קלויב נחת, קלויב...
אך, לעבען זאלען טאקע יודען! —

א לעהרער ביי אנ׳אנדער פאלק —
חאטש זאל ער ווערען אויסגעצויגען —
וועט דאך א הונדערט־טהייל פון דעם
ניט זעהען אין די אויגען...

וואס זעהט מען דארט ביי איהם אין שטוב?
א פוסטקע! וואס איז דארט צו זעהען!
פארטרעטליך הענגען אויף די ווענט
און לאנגע בענק מיט טישען שטעהען;

מען הערט קיין קול ניט פון א קינד,
מען הערט קיין קול ניט פון דער ווייטען...
און דא, ביי אונז? — עס זינגט, עס קלינגט.
עס קאכט און זידט פון אלע זייטען:

די יהנער שמועסען וועגען הירזש;
דער האזן שטודירט חזנות;
דער גאנער דרשנ'ט אויפ'ן קול,
דער קאטשער העלפט איהם מיט כונות:

דער רביצינ'ס מוזיניקעל
פרובט איבערשרייען ביידען...
דאס קעלביל טהוט זיך איהר'ס... עס שמעקט
מיט ריחות פון גן־עדן!...

און טאקע דא טהוט געהן א קול
א וויעדער־קול פערהאפט דעם אטהעם
— „נו! נו! מיט חשק! לעבעדיג! —
ואלה המשפטים!"...

די נאכט איז שטיל. דאס פינסטערניש
מיט יעדער רגע ווערט אלץ גרעבער...
איהר זעהט דעם פאלאץ, דעם דווארע'ן -
דא שלאפט א יודי'שער פראפעסאר

ער שלאפט, צוקאפּענס ליעגט בּיי איהם
א בּינדעל גוטע, ווייכע צרות...
ער זעהט אין שלאף — איהם חלומ'ט זיך —
ער שטעהט און שלאגט כּפּרות:

ער נעהמט דעם האהן — „א נו, זאגט ער —
אט זאג נאר מיר, כּל־בּו'ניק,
וואס פאר א סדרה געהט איצט? הא?
דו שווייגסט, ימח־שמו'ניק!

„דו שווייגסט? טא נא־זשע דיר... אט, נא!
טא ווער־זשע די כּפּרה!״...
דער רבּי שלאפט, און שלאפט ניט פראסט —
ער ליעגט זיך ווי א שׂררה...

פון בּיידע זייטען שטעהען וואך
גבריאל און מיכאל,
פון פארענט איז אוריאל דא,
פון הינטען שטעהט רפאל...

א גוטע נאכט אייך, רבּינו! —
זאל גאט מיך פאר די רייד ניט שטראפען —
א וועלט מיט יודען שלאפט נאך... אייך
האט גאט אליין געהייסען שלאפען...

ו.

א וועלט מיט יודען ליענט און שלאפט.
דער זייגער האט ערשט צוועלף געשלאגען.
עס איז נאך לאנג, עס איז נאך ווייט
ביז עס וועט אנהויבען צו טאגען.

איך געה און געה... די נאכט איז שטיל
און פינסטער איז פון אלע זייטען...
עס בילען נאר די יאטקע־הינד
און הענער קרעהען פון דער ווייטען...

א גאנצער חיל שלאפט אין קלויז —
די ארעם־בחורים, פרושים;
עס הודזשעט דארט א חראפעריי
מיט אלע ל״ב פירושים...

דער שטאדט־באק בלאנזשעט אויפ'ן מארק
נדבות קלויבענדיג אויף שבת...
אין מקוה טאנצען אויף די טרעפ
א כשר־טאנץ א מנין זשאבעס...

קיין מענשען־שטימע הער איך נים;
קיין איינציג ליכט זעה איך נים ברענען;
דער וועג איז אבער מיר בעקאנט —
בעקאנטע בילדער, אלטע סצענען!...

די נאכט איז פינסטער, שטיל און קאלט
דער זייגער האט ערשט צוועלף געשלאגען...
אך, וויפיעל דארף מען ווארטען נאך
ביז עס וועט אנהויבען צו טאגען?!...

---

II.

# עפילאג.

איך האב דאס פעקעל צוגעמאכט —
איך האב געענדיגט מיינע ליעדער.
נו, זאגט־זשע מיר — איך בעט אייך — זאגט...
פאר וואס־זשע שווייגט איהר, ברידער?

איך ווארט ניט לאנג — עס הויבט זיך אויף
א יוד פון מזרח־וואנד, אנ'אלטער.
א הויכער, שעהנער, גרויער יוד.
איך זעה: אין האנד מין ביכעל האלט ער.

און מיט דעם פינגער וויזענדיג
אויף מיינע ליעדער, פרעגט דער זקן:
„— אט דאס איז אייערס?... זעהער גוט...
מעהר האט איהר גאר ניט וואס צו זאגען?"

ווער נעהמט ארויס די פּושקע) „— הא?"
(ער טהוט א שמעק) „איז הייסט עס..." (שמש,
מאכט צו די טהיר!) „האט איהר דאס אלץ
גענשריבּען ערנסט, טאקע ממש?...

„און דאס איז גאר? און דאס איז אלץ
וואס יודען האבּען? איהר זענט ערב?
האט גוט געקוקט מסתמא?... נו,
און איהר... און איהר אליין, רבּ־קרוב?

„איהר האט דאך עפּעס אויך א צעך
מיט הויכבּעריהמטע בּעלי־מלאכות,
טא ווייזט־זשע, אקארשט, ווייזט ארויס,
וואו זיינען אייערע הצלחות?

אז אלע שלאפען, מוז דאך ווער
אויך אויף דער וואך בּיי יודען שטעהען;
נו האט איהר אפשר פארט בּיי אונז
אנ׳אויפגעשטאנענעם געזעהען?"

רבּותים! — ענטפער איך — עס וואלט
שוין זיין געגנוג: אלץ בּיז א ברעקעל
האבּ איך פאר אייך ארויסגעלעגט
וואס איז בּיי מיר געווען אין פעקעל...

נאר ווארט... כדי צו יוצא זיין,
איהר זאלט פון מיר צופריעדען בלייבען,
וועל איך ניט זשאלעווען קיין טינט
און וועל אייך נאך א ליעדעל שרייבען:

מיין באבעניו פלעגט זאגען אפט
(געווען א גרויסע צנועה):
„ניט שרעקליך איז א קראנקהייט, ווען
ס'איז דא דערצו א רפואה".

ניט שרעקליך איז די נאכט — זאג איך —
ס'וועט אנהויבען צו טאגען,
די שטראהלען וועלען פון דער וועלט
די פינסטערניש פעריאגען...

איצט איז נאך נאכט... עס טאגט נאך ניט...
נאר... שאט! מיר דאכט—איך הער' פון ווייטען
עס ריהרט זיך עפּעס דארט אין גאס...
וואס זאל די זאך בעדייטען?...

ווער איילט זיך דאס צו אויפשטעהען,
פאר אלע שלאפענדע צו זארגען?...
קומט, ברידער, זעהען ווער איז ער
און זאגען איהם: „גוט מארגען!"

אידר זעהט? — אט הויבט זיך אויף פון שלאף
א מענשעלע א קליינער;
ווי דאר און קוואר איז ער, ווי בלייך!
אין גאנצען הויט און ביינער.

א שענערען, א פרישערען
פון איהם איז מען מקבר...
און ווייסט איהר ווער איז דער פארשון?
דאס איז א יודישער מחבר.

ער הויבט זיך אויף, ער קרעכצעט און הוסט,
ער טאפט און זוכט... נאר גאט צו דאנקען —
אלץ וואס איהם פעהלט געפינט ער באלד —
מען דארף גאר בעסערס ניט פערלאנגען.

דאס ליכטעל האבען ביי דער נאכט
די מייז צוגריזעט און צובראכען;
פון גרויסע ווארעמקייט אין שטוב —
די שוועבעלעך פערנעצט, צוקראכען...

ער מוז נאך טאפען ארום זיך,
ער מוז נאך אין דער פינסטער קריכען...
ער איז נאך צו דער „רויטער קוה"*)
און צו דעם באד־קעסעל געגליכען:

*) פרה אדומה.

ער מוז פערברענט ווערען אויף אש
אונ זידען מוז אין כעס און אין שמערץ ער —
מטהר זיין די טָמְאֵי קעפּ
און כַּשֵׁרְ'ן די חָמֵץ'דיגע הערצער...

עס זאל אין טינטער ביז א סוף
ניט אויסגעטריקענט ווערען,
מישט ער דאס ביסעל שווארצע טינט
מיט ביטערע און הייסע טרעהרען...

אך, ס'איז אפנים נאך צו פריה
ביי יודען פאר א ליטעראטאר —
ער תאפט נאך, נעביך, זעהר אפט
אי צאהנוועהטאג, אי קאטער...

דער שטאדט־באק לעבט שוין אב זיין וועלט
נאר קהל איז דאך א בעל־צדקה —
נעהמט דעם מחבר אויף זיין ארט
און ניט איהם איבער די חזקה...

אך, זאגט מיר, מענשען, וואס בעדייט,
וואס האט געוואלט דער בורא זאגען
מיט דעם בעשעפעניש?... מיין קאפּ
קאן דאס גאר פשוט ניט פערטראגען:

ער שרייבט דאך, דאכט זיך, מיט א פען,
ער רעדט מיט יודען פשוט יודיש,
און יודען קוקען פארט אויף איהם
נאך אלץ ווי אויף א ווילדען חידוש.

מען טאפט די נאז ביי איהם, די צונג,
מען טרייבט קאטאוועסליך צום לאכען:
„— דו הערסט?... ער דבר'ט... חהע! דו הערסט?"
„— ע... בקיצור, חמע!... ס'איז פוסטע זאכען!"

מיין ברודער! שלעכט איז דיר, איך ווייס;
נאר געה און טראג דעם יאך דעם שווערען,
שטעה שטאלץ און קרעפטיג אויף דיין ארט:
עס מוז, עס וועט דאך ליכטיג ווערען!

ניט שרעקליך איז די פינסטערניש —
ס'וועט אנהויבען צו טאגען
די שטראהלען וועלען פון דער וועלט
די שווארצע נאכט פעריאגען,

עס וועלען אויפוואכען פון שלאף
גאר נייע לייט מיט נייע מוחות;
זיי וועלען ברייגנען אויף דער וועלט
פיעל נייע, פרישע, שטארקע כוחות;

פיעל העלע שטראהלען, גרויסע ליכט
ווערט דאמאלס ווערען אנגעצונדען;
דער שלאפער ווערט בעקומען קראפט
און ליכטיג ווערען ווערט דעם בלינדען.

דאס מוז זיין, ברודער!... אבער איצט,
דערווייל – איז גאט צו דאנקען, חלעבען,
פאר יעדען שטראהל, פאר יעדען פונק,
וואס צינדט זיך אן אין אונזער לעבען!...



# אלטע מעשׂות אויף ניי־יאהר.

1.

## דער נייער מלמד.

דאס, וואס איך דערצעהל אייך,
האט פּאסירט אין אונזער
שטעדטיל א יאהר דרייסיג,
אויב ניט מעהר, צוריק,
ערגעץ פון דער ליטא
איז צו אונז געקומען
קנעלען א מלמד.
אויפ'ן ערשטען בליק
א געוועהנליך יודעל:
אויסגעהונגערט נעבּיך,
גאלע הויט און ביינער,
דאר און קוואר און הויך,
מיט א שיטער בּערדיל,
איינגעקנייטשטע באקען,

דינע, בלייכע ליפען,
עטוואס שעפעליאווע
אין הארבאטע אויך.
נאר די אויגען זיינע —
אי, די אויגען! עפעס
האט געבליצט, געפונקעלט
און געשיינט אין זיי —
אומעט און רחמנות,
ליעבשאפט, טרויער, מיטלייד
און דערביי א טיעפע
האפנונג... אך, ווי צוויי
וואונדער־שטערען, העלע
גרויסע, ריינע שטערען
פלעגען לייכטען זיינע
אויגען, ווען ער פלעגט
זאגען שטיל און רוהיג:
„— גיט מיר אייער יונגעל,
בעל־הבית, איין זמן נאר
פרובט, איך בעט אייך". — פרעגט
איהם דעם יונגעל'ס טאטע
„—נו, און וואס איז, זאגט מיר,

אייער אויסנאהם עפּעס?
צי זייט איהר אליין
ניט אזוי ווי אלע
אנדערע מלמדים,
צי א נייעם נוסח
האט איהר אינ'ם לערנען?
אדרבה...״ – „ניין,
לערנען, זאגט ער, לערען
איך אזוי ווי אלע״.
„– וואס־זשע דען?״ – „איך שמיים ניט״.
„– ווהייסט איהר שמייסט ניט?״ – „גאר
פּשוט: ניט קיין קאנטשוק,
ניט קיין ביינקעל – גאר ניט,
כ'דיהר ניט אן דעם תּלמיד
ממש אויף א האר״.
„– מיט דער טייטעל?״ – „אויך ניט״.
„– גלאט א קלאפּ?״ – חלילה״,
„– נו, און אז א יונגעל
איז א שייגעץ?״ – ניין,
בעל־הבית. דעם מענשענ'ס
הארץ איז שלעכט פון יוגענד:

דארפֿען מיר עס מאכען
וויךְ און גוט און ריין,
אבער ניט מיט שמייסען —
שמייסען העלפֿט צו גאר ניט.
ווארום...״ — און דאס יודעל
רעדט און רעדט... ווי צוויי
שטערען לייכטען, שיינען
זיינע אויגען, ליעבשאפֿט
טרויער, מיטלייד גליהען,
שפּיעגלען זיךְ אין זיי...

II.

## חברה הוליעט.

חאדאראם נעגאנגען
איז דאס גאנצע שטעדטיל,
ס׳האט געטהון זיךְ דרעהען,
קייקלען ווי א ראד;

אומעטום – אין שוהל־הויף
און אין קלויז, אין אלע
קראמען און אכסניות,
אויפ׳ן מארק, אין באד,
האט גערוישט, געטומעלט.
צווישען די מלמדים
איז געווארען ממש
א יריד – א שרעק.
אויף א זייט די היטעל
און צולאזט די פּאלעס
יאגען, לויפען, פליהען
זיי פון עק ביז עק.
„– סטייטש... איהר הערט?... א חוצפה!
לערנען און ניט שמייסען!!
דאס איז דאך א מעשה
שלא היה... גוואלד,
בעלי־בתים, יודען,
ראטעוועט די קינדער!...
אוי, דאס לעצטע ביסעל
יודישקייט פערפאלט!״...
די מלמדים לויפען,

די מלמדים שרייען,
קלאגען, רייסען קריעה,
ברעכענדיג די הענד;
און ביי אונז, ביי חברה,
איז א פרייד, א יום־טוב,
פורים, שמחת תורה,
ס'קאכט און זידט און ברענט...
„— זינגט און טאנצט און הוליעט,
קינדער! א מפלה
אויפ'ן קאנטשוק! מכות
זאל דער טייטעל זיין!
שלעפט ארויס דאס אלטע
ביינקעלע פון חדר.
האקט עס, ברעכט אויף שפענדליך,
גראבט אין דר'ערד אריין!"...
פריהלינגס־צייט, נאך פסח;
יונגע צווייגען בליהען
יונגע גראזען קריכען
פון דער ערד ארויס,
און די ערד, די גוטע,
ליעבע אלטע מאמע

וואַרימט זיי און פּעסטיעט
אויף איהר טרייען שוים...
חברה הוליעט. חברה
נעהט א גאנצע מחנה
פרישע לופט נעניסען
אויפן פרייען פעלד,
וואו די פרייע ווינדען
פלאַטערען און שוועבען
זינגענדיג, ווי גליקליך
איז דעם בוראס וועלט, —
אין דעם גרינעם וועלדיל,
וואו די יונגע בוימלעך
קוויקען זיך דערוואַרימט
פון דער ליעבער שיין,
און די פייכטע בלעטלעך,
דוכט זיך, זינגען שירה...
וואַרים, פריי און ליכטיג...
און א פרייד א טיעפע
פליסט אין הארץ אריין...

---

III.

## סטיאפקא.

---

חברה הוליעט. זיסע
פריהלינגס־ליעדער קלינגען...
אט איז שוין דאס וועלדיל...
שטעה נאר... ווער איז דארט?
סטיאפקא מיט א גאנצען
ערב־רב פון חלאפצעס
און מיט זיינע ביידע
כלבים — צוויי בארבאסקעס
דארע ווי א חארט,
הייזעריגע, קרומע
און קאלטונאוואטע,
איינגעטונקט אין שפענדליך,
שטרוי און מיסט און קויט,
אבער בייז — א פחד;
אויגען — האלאוועשקעס
און די צייהן ווי נאדלען
יעדער בים — דער טויט...

סטיאפקע קוקט אויף אונזער
מחנה און פערוואונדערט
מאכט ער: „הליאנ־קא, חלאפצי,
שטשא וואנא טאקע?
יאק זשידקי־טא שומני
טא וועסעלי סטאלי;
פאסקוביטי טראחי
טרעבא־זש יך... עהע!
טיו, בארבאסקי, שווידשע,
טיו*)״!!!... — נו, ליעבע ברידער,
וואס זאל איך אייך זאגען?
המן, גוג־ומגוג,
פלשתים און עמלק —
אלעמען אינ'איינעם
נעהמען זיי, איז גאר ניט.
אי, אי, אי, א חורבה,
אי, א וויסטער טאג!
וואס צוריסען היטלען,

*) קוקט נאר, בחורים, וואס איז דארטען אזוינס? ווי די אונ־רוהיגע יודליקעס ועגען פרעהליך געווארען; א קראמין מאהן אביסעל דערפון דאך זיי! חאפט, הינט, שנעלער חאפט!

לייבסערדאקעס, שטיוועל,
קאפטאנעס און תחתונים —
בין איך אייך שוין מוחל;
נײן, די קלעפּ, די קלעפּ!
די צוקראצטע באקען,
די צופלאצטע נעזער,
די צוהאקטע ליפּען,
אויסגעלענקטע פּלייצעס,
לעבערדיגע קעפּ!...
היינט דערנאך די גוואלדען
אין דער היים... הקצור,
איינגעשלונגען צרות,
אנגעזופּט זיך וועהטאג
מיט'ן פולען מויל.
וויפיעל שמירעכטס, פראשקעס,
פלאסטערס כל המינים
און קאמפרעסען, הייסע,
ווארימע און קאלטע...
טרעהרען, בלוט — א גרויל!...

IV.

# דריי טעמים.

---

אויסגעהיילט די מכּות,
נעהט מ'ען פרעגען סטיאפּקען:
„— היתּכן, סטיאפּקע?
ווי געשיקט זיך דאס?
גלאט, אין מיטען דרינען
רייצטו־אן די כּלבים,
שלאגסט און פּייניגסט מענשען,
מאכסט א תּל... פאר וואס?"
וואס־זשע ענטפערט סטיאפּקע?
„— ראשית דבר, — זאגט ער, —
דאי אפּאחמעליטסא!
(הלעיטני הייסט עס)"...
ניט מען, — מילא וואס?
ער'שטענס, איז, ווי זאגט ער
צער בעלי חיים,
צווייטענס, אז אין ברירה,
טוז מען סיי־ווי־סיי...

אויסנעטרונקען, גרעבצט ער
בעל־הבית׳יש, קראצט זיך,
שפייט און רייבט זיך די אויגען
און בזה הלשון
ענטפערט ער: האי, האי
אי דורני־זש ווי, חלאפצי! *)
היתכן, פרעגט איהר?
סלוחאיטע: דריי טעמים
האב איך, און אינגאנצען
איז פון זיי געווענדט:
ערשטענס, בין איך סטיאפקע,
און אז איך בין סטיאפקע,
מוזען שוין בטבע
בייסען מיר די הענד,
און די לענדען ווערען
אנגעגירט צו דראקעס —
„איש יודע ציד״,
ווי אין פסוק שטעהט.
צווייטענס, על פי יושר

*) אך, טך, זייט איהר דאָס נאַריש, בחורים!

דארף מען מיך דערלאזען
עמיצען צו שלאגען —
קיהלען די געבלוטען —
מחמת, איהר פערשטעהט,
נעכטען האט דער באטיקא
מיך אליין געשמיסען.
נעכטען, ליעבע ברידער,
און דעם טעם פון זיינע
פייערדיגע שמיץ
פיהלען נאך ביז איצטער
אלע מיינע אברים,
פריש איז נאך אין הארצען
זייער שארפקייט, היץ...
דריטענס (און אט דאס איז
וויכטיגער פון ביידע
ערשטע טעמים אפשר).
האט איהר, ברידער, אלע
אזא וויסטען פנים...
וואו נאר טהון א טאפ —
אויסגעדארט, פערטריקענט,
הוילע הויט און ביינער,

אז עס ציהט, עס ווילט זיך
געבען איך א קלאפ!...
בידני ווי, סערדעשני! *)
וואס־זשע בין איך שולדיג,
אז קיין מורא האבען
קאן מען ניט פאר איך,
און אז וויפיעל גרעסטע
מכות־רצח שלאג איך,
ווערט אין איך פערזונקען
ווי א שטיין אין טייך״...

---

V.

## בלייבט א קשיא.

---

אומעטיג און פינסטער
איז אין אונזער שטעדטיל...
וואס־מיר פריהלינגס־ליעדער,
ווער־מיר פריהלינגס־שיין!
און אין הארצען ענגערט,

---

*) אומגליקליך וויס איהר, הארציגע!

בּויערט אונז די קשיא:
סטייטש, ווי איז דאס מעגליך,
גוואלד, ווי קאן עס זיין?
נאך אמאל, בּערעכענט:
ס'טאר ניט דער מלמד,
ס'טאר ניט דער בּעהעלפער,
נו, און סטיאפּקע מעג?!...
אומעטיג און פינסטער
איז בּיי אונז אין שטעדטיל...
שריי צו'ם בּוֹרא־עוֹלם
פרעג איהם קשיוֹת פרעג!..



# דער פרעהליכער גיהנום.

פאן קאזימיר וואשׂליאפסקי
האט אבגעגעסען פליאקעס,
פערטרונקען זיי מיט סטארקע
געטהון מיט ביידע הענד

א חאפ זיך פארן מאגען...
עס הוידען זיך, עס טאנצען
דער טיש, די לאמפ, די ביינקליך,
די סטעליע און די וועגד...

ס'ווערט פינסטער אין די אויגען,
ס'פערקלעמט די ברוסט... און — האדיע:
אוים קאזימיר וואשׂליאפסקי!
אוים פאן! אנ'עק, א סוף...

א טיעפע רוה פערוויקעלט
דאס טויטע הארץ; די אויגען
די ליכטיגע פערגליווערט
א שטילער, זיסער שלאף...

און, פריי פון אלע זארגען,
הויבט־אויף זיך אין דער לופטען
די זינדיגע נשמה, —
זי פליהט, זי שטרעבט... וואוהין?

קיין צדיק גמור, אמת,
איז ניט געווען וואשליאפסקי,
קיין רשע אבער אויך ניט:
געווען פון יענעם מין

אלט־פוילישע הוליאקעס,
פון וועלכע פאן סענקעוויטש
לעקט נאך ביז איצט די פינגער, —
געווען זיין לעבען־לאנג

א „נאכטאנצער" ביי פריצים:
ביי איינעם אויף א מאהל־צייט
געסארווערט; ביי דעם צווייטען
מיט ליארים, גלעקער־קלאנג,

מיט בייטשען און טראמייטען
געיאגט זיך אויפ'ן יאכט־פעלד
און נאכגעטאנצט די כלבים
וואלד־אוים, וואלד־איין, געדיענט

דעם יונגעטשקען פּאניטשעל
ניט זעלטען פּאר א רייט־פערד,
און קלעפּ געחאפּט באהבה
וואס מאכט עס אוים — א קינד

געלעבּט ניט רייך, ניט ארים,
הקיצור, אבּגעקומען
דאס פּוסט און נאריש וועלטיל...
וואוהין־זשע געהט מען איצט?

ער טהוט א קוק — א פּאלאץ
פון מירמעל־שטיין און זילבּער,
בּעקרענצט מיט גרינס און בּלומען,
עס פונקעלט, שיינט און בּליצט...

ער קומט אריין... א גרויסע
קאפּעליע שפּיעלט א וויוואט...
דער זאל איז פול... „— מאזורקע!"
רופט־אוים א בּת־קול... „— צא?

„מאזורקע?! הערסט א שכל! —
טראכט מיינער, — אדרבּא,
אט וועל איך טאקע ווייזען
זיי א מאזורקע דא!"

און שוין, כהרף עין,
שטעהט נעבען איהם א דאמע,
א יפהפיה, ממש
א בת־מלכה, א בילד,

פון קאפּ און ביז די פּיאטעס
מיט פּעריל אבגעשאטען,
בעשפּריצט מיט איידעל־שטיינער,
אין זיידענס איינגעהילט.

פּאן קאזימיר וואשליאפּסקי
פּערדרעהט די לאנגע וואנצעס,
בויגט־אויס די ברוסט, האפּט־אונטער
די בת־מלכה און פליהט!...

די שפּארען קלינגען קונציג,
עס פלאטערען די ארבעל
פון מענטיק אין דער לופטען
דער פּרצוף זיינער גליהט,

די אויגען שיטען פונקען
ווי אין די יונגע יאהרען...
„— אלט־פּוילען! מאטקא סליטשנא!
לעב־אויף, וואך־אויף פון שלאף!

„בײ׳ם קרױל אין פּאַלאַץ, אפשר,
פלעגט זײן אזא מאזורקע
צו זעהען... פּפו! גוט איז דאס,
זאל אבער זײן א סוף.

„זיך צו־זעצען א ביסעל
ערלױבט מיר, ליעבע דאמע!״...
נאר, קױם ער פּרובט זיך זעצען,
עס לױפען־צו א פּאר

מחבלים, חאַפּען־אונטער
דעם פאן: „— נײן, ליעבער ברודער,
דא זיצט מען ניט — דא טאנצט מען!...
פערשטעהסטו? קורץ און קלאר:

„האסט אנגעהױבען טאנצען —
איז טאנץ! א פרײען אטעם
דערװעג זיך ניט צו חאַפּען;
קײן אברוה און קײן שלאף!

„טאנץ, ביז עס װעלען װערען
פערהילצערט אלע גליעדער,
פערקלעמט דאס הארץ, און נאכדעם —
טאנץ װײטער! אהן א סוף!״...

---

איך זעה דיין ביטער שמייכעל,
איך הער דיין זיפץ דיין טיעפען,
אָי, יודישע נשמה!
אָי, קראנק און עלענד קינד!

ביזט אויך דאס גאנצע לעבען
א נאכטאנצער געוועזען,
נאך שאטענס און נאך ווינדען
געלאפען ווילד און בלינד;

נאך אייגענע שתדלנים,
נאך יארמעלקעס נאך קלוגע,
פון וועלכע ס'פלעגט דער גלות
דיר ווערען צוקער־זים:

ווער רעדט — א מעשׂין קנעפיל!
עס פלעגט דיך ממש ווארפען
אין א קדחת־טענציל
פון קאפּ און ביז די פים!...

און אט איז ער, דער גיהנום
דער פרעהליכער, אט איז ער!
צוויי יאהר מיט די קאדעטען
געטאנצט... אַי, פים געשטעלט,

נעסאפּעט און גערדרעהט זיך...
א חתונה געוועזען,
וואס מ'האט נאך ניט געזעהען
אזעלכע אויף דער וועלט...

דער גוטער פריץ דיינער,
דער זיסער מליץ יושר...
וואס פּאר א ליעב קאדרעלכעל
האט ער געטאנצט מיט דיר!

ווי צוגעשמייכעלט פריינדליך!
ווי קינציג מיט'ן פּאכער
געפּאכט, מיט חניפה־חנ'דליך
געשאטען אהן א שיעור...

דערטאנצט ביז קראמפּף אין הארצען,
דערדרעהט זיך ביז חלשות...
„— א ביסעל לופט! געניסען!
דעם אטעם חאפּען ניט!"...

„— ניין! — זאגט דער וויסטער מזל, —
ניין, ברודערקע, א טעות:
צי האסטו איצטער חשק,
צי ווילסטו יא, צי ניט, —

„נישטא שוין איצט קיין ברירה;
דו וואלסט שוין אפשר וועלען,
מען זאל אויף דיר פערגעסען...
נײן! ווי א שטורמווינד

„חאפט־אונטער דיך און שליידערט
אין אקטיאבריסטען־רומפעל:
טאנץ, יודישע נשמה!
טאנץ, ארים, עלענד קינד!״...



# בײ׳ם רױטען פײער׳ל.

(אַ חלום אױפ׳ן װאָהר).

---

אַ געדיכטער, גרױער נעבעל... ניט ליכט, ניט שאָטען, ניט נאַכט, ניט טאָג... צײטענװײז שטראַלט=אױף װי אַ ריעזען=קרױן די װײטע נאָרד=שײן, טהוט אַ בליץ, אַ פלאַקער איבער׳ן הימעל — און דער נעבעל װערט נאָך געדיכטער און טיעפער...

אינ׳ם אַלטען, װילד=בעװאַקסענעם װאַלד צאַנקט אַ רױט פײער׳ל. בײ׳ם פײער׳ל זידט אַ קעסעלע, פון װעלכען עס שלאָגט אַ געדיכטע, שטאַרק=שמעקענדיגע פאַרע. אַ גרױע, העסליבע מכשפה מישט אינ׳ם קעסעלע און מיט אַ הײזעריגען געלעכטעריל קוקט זי זיך אײן אין דער פינסטערניש...

צו׳ם פײער׳ל געהט צו ד ע ר  מ י נ י ס ט ע ר.

---

## דער מיניסטער

די צײטען, זאגט מען, בײטען זיך; דאס לעבען
בענײט זיך װי די פעדערען בײ׳ם אדלער;
און דאך, בעטראכט, װאס עס פאסירט אמאל
אויף אונזער װעלט, אויף אונזער נאריש װעלטיל:
כמעט דרײ טױזענד יאהר איז שױן אװעק —
און, זעהט איהר, אקוראט אזוי װי שאול

המלך, נעביך, האלטענדיג שוין שמאל,
טהו איך זיך ווענדען צו דער סטרא אחרא,
צו שפרעכערקעס, צו זנאחערקעס, מכשפות,
זוך הילף ביי יענע בייזע, שווארצע כחות,
פאר וועלכע יעדער גוטער, פרומער קריסט
דארף מורא האבען ערגער ווי פאר פייער.
נאר וואס־זשע קאן איך טהון? איך מוז דאך זוכען
א מיטעל חאטש א וואסערען ניט איז...
נו, אלטע! בלאז־זשע אויף דאס פייער העלער
און רוף ארויס פון יענער וועלט חאטש איינעם,
וואס זאל אנ׳עצה געבען מיר — א קלוגע,
א רעכטע עצה... נו־זשע, אלטע, נו!...

די מכשפה בלאָזט און שפרעכט און פאָכט מיט׳ן פאַרטוך... אין דער פאַרע, וואָס שלאָגט פון קעסעלע, ציהען זיך אויס איינער נאָכ׳ן אנדערן דריי שאָטענס.

---

I.

## דאן פעדרא ארבועץ

פרעזידענט פונ׳ם אינקוויזיטארישען בית־דין אין סאַראַגאָסאַ.

מיין חבר! שווער איז דיר און ביטער;
ליעגסט, נעביך, אין דער קלעם...

איך בין אנ'אלטער אינקוויזיטאר,
איך האב א גרויסען שם.

און אויב דו ווילסט מיט מיר זיך האלטען
אנ'עצה קורץ און גיך —
געה מיט'ן נוסח מיט'ן אלטען
און טהו אזוי ווי איך:

די הויכע ווענד, די שווארצע שלעסער
מיט איינגשאפט, הונגער, קעלט —
ניטא ניט זיכערער, ניט בעסער
קיין תרופה אויף דער וועלט.

איך האב אין שפאניען פארצייטען
אויף נסים ניט געווארט —
געיאגט, געהאפט פון אלע זייטען,
געבונדען און פערשפארט;

עס פלעגען פלייסיג די תלינים
טהון זייער ארבייט דארט...
און אויב עס פלעגט דער עזות־פנים
ניט בלייבען אויפ'ן ארט,

פלעג אויפ'ן פלאץ איך שטעלען גערען
א שייטער הויך און ברייט —

און כּוּלו כּליל פלעגט ער ווערען
דארט לעבּעדיגערהייט!...

---

## דער מיניסטער

א דאנק דיר, זיידע פאר דער עצה. אמת,
דיין מיטעל איז אין עצם ניט קיין שלעכטער,
ס'איז אבער דא א מניעה'לע, פערשטעהסטו —
מיין ליעבער פריינד, איך האבּ דאס שוין געפּרוּבט:
אין מיינע טורמעס, פעסטונגען, אסטראגען
איז שוין ניטא קיין ווינקעלע קיין פרייעס,
מען האפּט און זעצט אריין אהין טאג־טעגליך
אי אלט, אי יונג, אויף וועמען נאר עס פאלט
דער קלענסטער חשד. אין תּפיסה זיצען איצטער
דאקטוירים, אינזשענערען, אדוואקאטען,
עס זיצען פּראפעסארען און סטודענטען,
עס זיצען אפיצירען. דו וואלסט קוקען
און קלויבּען נחת: ארעסטירט אינאיינעם
אנ'ארבּייטער מיט א פּריוואט־דאצענט,
א גענעראל מיט א קורסיסטקע. כּ'לעבּען,
איך וויים שוין ניט וואוהין צו זעצען זיי.

און זעצען וואלט מען דארפען נאך מיליאנען!...
פערשטעהסטו שוין, אז דאס איז נים קיין פלאן,
און וואס דו זאגסט „אאוטא־דא־פע״, איז וואלסטו,
דאן פעדרא, ליעבער אלטער אינקוויזיטאר,
בעדארפט ביי אונז א פאדמאסטעריע זיין,
פון אלף־בית זיך לערנען די מלאכה:
אין טאמסק, אין טווער, אין מאסקווע האט מען שייטערס
אזעלכע אנגעצונדען, אז דער הימעל
איז שווארץ פון רויך געווארען און צושפאלטען
די ערד פון היץ... אין דיינע צייטען פלעגען
דערביי די גלעקער אין די קלויסטערס קלינגען
און די גלחים זינגען „הללויה״.
איצט פייפען חוליגאנעס און באסיאקעס,
מען פייפט, מען טאנצט, עס גיסט זיך און עס קלינגט
א ווילד געלעכטער, ווי אין טאמסק, למשל,
בשעת דארטען האבען זיך אין פייער
געפרעגעלט מענשען לעבעדיגערהייט!...
יא, ליעבער פריינד, דאס אלץ איז שוין געוועזען,
נאר וואס־זשע איז די פעולה, אז עס העלפט נים,
עס העלפט נים, ברעך די צווייגען, רייס די בלעטער —
די ווארצלען בלייבען אבער טיעף פערבארגען

און גיבען נייעם וואוקס און נייע קראפט
דעם עץ־החיים און דעם עץ־הדעת –
זיי אויסראטען איז ניט אין מיין רשות!...

---

II.

## המן בן המדתא

פרעמיער מיניסטער ביי אחשורוש'ן

מיין עצה איז פשוט:
אנ'ארדנונג צו מאכען,
די הערצער דערשטיקען,
די מיילער פערמאכען
און צו דער קראמאלא
זאל קומען א סוף –
קאן העלפען דער אלטער
„פתשגן־הכתב"
(געדענקסט? מיט'ן קורצען
און פשוט'ן פירוש),
וואס מיר האט געגעבען
אמאל אחשורוש

אין שושן־הבירה,
אזוי ווי עס שטעהט
נעשריעבען אין פסוק:
„להרוג ולאבד!“
דער פלאן איז, בלי ספק,
דער גרינגסטער און בעסטער:
דיר װעלען ניט שטערען
ניט מרדכי, ניט אסתר
דיין ציעל צו דערלאנגען,
דערגרייכען דיין צוועק;
„בטבעת המלך“ —
און אוים מיט אנ׳עק!...

---

## דער מיניסטער

ניין, ברודער, ניין! דיין פלאן טויג אויף כפרות,
אז אחשורוש מלך טפש היה,
דאס ווייסט די וועלט פון לאנג. נו, זאג אליין,
צי איז דאס ניט א טפשות? פריהער געבען
דיר, המנ׳ען, דעם רשות א תל צו מאכען
פון אלעמען — און אין פיער טעג ארום

דעם כּתב־הדת מבטל זיין און געבּען
אנ'אנדער כּתב און אקוראט קאפּויר!
ניין, בּרודערקע, איצט טהוט מען דאס להיפּך,
איצט גיט מען א בּעפעהל ארויס, אין וועלכען
עס שטעהט געשריבּען: „פריי זאל זיין די לופט
און פראנק און פריי די וועלדער, פעלדער, טייכען".
נו, דוכט זיך, קורץ און גוט? נאר א פּאפּיר
איז ווי א ווייכע ליים אין האנד בּיי'ם טעפּער —
און שטעקען שטעקט דער גאנצער קונץ אין דעם,
מען זאל אזוי די ווערטער קענען טייטשען,
אז קיינער זאל ניט קאנען טהון אנ'עטעם
א פרייען, קיינער זאל א טראפּען וואסער
ניט טארען נעהמען צו דערפרישען זיינע
פערשמאכטע ליפּען, און קיין טריט ניט טהון
ניט רעכטס, ניט לינקס... פערשטעהסט, אין וואס עס ליעגט
דער שׂכל דא, דער רמז, די כּונה?
און זינט דער ערשטער „שרייבּער" אינ'ם ערשטען
„פריקאז" האט שארף פערשפּיצט זיין גענזען־פעדער
און אנגעהויבּען צוקען, גרייזלען קונציג,
פון דעמאלט אן האט פלייסיג זיך געלערנט
די בּיוראקראטיע אונזערע, זאל לעבּען,

פאפירען שרייבען און פאפירען טייטשען
אזוי ווי עס פאסט פאר איהר... נאר וואס־זשע איז
דער פּועל־יוצא פון די אלע קונצען,
אז סוף־כּל־סוף העלפט דאס שוין אויך ניט...
גוואלד,
וואס טהוט מען ווייטער?!...

---

.III

## יעמעלקא פוגאטשאוו

כ'בּין א קאזאק געווען אנ'אנטלאפענער,
ס'הייסט א מורד במלכות אנ'אפענער,
כ'האב חרטה אויף דעם און וועל גערען
א בעל־תשובה אנ'ערנסטער ווערען.
פוסטע ווערטער האב איך פיינד:
דו געדענקסט דאך, ליעבער פריינד,
אלע מיינע דרכים;
דו געדענקסט, ווי כ'פלעג אמאל
הענגען, טרענקען אהן א צאהל
פריצים און גלחים;
אז עס פלעגט אנ'אפיציר

אין די הענד אריין צו מיר,
פלעגען מיר איהם בינדען
און די בלאגאראדנע הויט,
אויף א צוגאב פאר'ן טויט,
פון די פלייצעס שינדען.
היינט פערשטעהסטו? קורץ און גיך!
דארפסט א פראוואקאטאר
אויף פאגראמען? מאך־זשע מיך
פאר א גובערנאטאר!
יאגען גרויס און קליין,
פלייסיג, ביזן ביין
שמייסען מיט נאגייקעס.
ביים אינטעליגענט
ברעכען פיס און הענד
וועלען מיינע שייקעס, —
און עס וועט פון זיי,
גלויב מיר, די קראמאלא
אין א וואך, אין צוויי
קריגען די מפלה!...

# דער מיניסטער

ע־עה, יעמעלקא! ביזט אויף יענער וועלט,
ווי כ'זעה, אינגאנצען אויסגעוועבט געווארען.
דיין עצה אנדערטהאלבען הונדערט יאהר
צוריק וואלט זיין פאר מיר א נייעס נאך אפשר,
איצט אבער... איצט... איין קורלאוו, איין סליעפצאוו,
איין ניידגארט קלעקט אנשטאט א גאנצע באנדע
פון דיינע אטאמאנעס; דיין טשיקא,
דיין קאטארזשניק חלאפושא מיט דער חתימה
פון תלין אויפ'ן שטערען. און שיגאיעוו,
און טשוסאקאוו, און אלע חסידים דיינע —
זיי זענען א שמעק טאבאק איצט ניט ווערטה,
און דו אליין — א צוציק ביזטו, ברודער
א שנעק אנטקעגען א דראגון, א קאזאק
א היינטיגען. דו פיהלסט, ווי גרוים ער איז
דער אונטערשיעד? דו ביזט געווען א „מורד
במלכות" און אנ'„עובר על שבועתו"
א פשוט'ער רוצח — און דו ביזט
דערפאר געשטעמפעלט מיט דער שווארצער חתימה
אויף אייביג... איצט איז אקוראט פערקעהרט:

איצט רופט מען דאס „מקים זיין די שבועה״ –
דעם הייליגען און גרויסען חוב... פערשטעהסט?...

דער מיניסטער בלייבט שטעהן א רגע פערטראכט און פלוצים חאפט ער זיך אויף פערציטערט ווי אנ׳אבגעבריהטער...

(צו דער מכשפה)

שטעה, אלטע קליפה! כ׳האב ערשט בעמערקט:
די אלע דריי, וואס האסט ארויסגערופען
פון יענער וועלט, פון גיהנום מיר צו געבען
אנ׳עצה – אלע האבען זיי א סוף
א ביטערען געהאט און איינגענומען
א מיתה־משונה*)... דו האסט דאס בכיון
געטהון? אהא!... אוועק, אוועק פון דאנען
כל זמן ס׳איז נאך ניט שפעט צו ניצול ווערען!...

טהוט זיך א ווארף אהן א זייט און ווערט פערשוואונדען אין דער פינסטערניש.

די אלטע שטעהט אויף, בויגט אוים דעם רוקען... אויף איהרע באקען צינדט זיך אן א רויזען־קאליר... פונ׳ם קאפ צושיטען זיך לאנגע, וייד־ווייכע, גאלדענע לאקען... די אויגען איהרע פינקלען ווי צוויי העלע שטערען אין א זומער־אוונער... דאס רויטע פייער׳ל צוברענט זיך, פלאקערט און שיינט, און א כאר פון הויכע, פרישע, יונגע שטימען קלינגט און שאלט אינ׳ם נעבעל:

---

*) דער אינקוויזיטאר פעדרא ארבועץ איז דער׳הרג׳עט געווארען אין קלויסטער אין סאראגאסא.

ארוים פון די קייטען,
ארוים פון דער קלעם,
אין שטרייט פאר דער פרייהייט,
אויף קידוש־השם!
אין אונזערע טרעהרען,
אין וועהטאג, אין בלוט
שעפ, פאטערלאנד, האפנונג,
שעפ קרעפטען און מוטה!
קיין פחד, קיין צווייפעל,
קיין טריט ניט צוריק!
צום לעבען צום נייעם,
צו פרייד און צו גליק.
חברים און ברידער!
ארוים פין דער קלעם,
אין שטרייט פאר דער פרייהייט,
אויף קידוש השם!...



# דער טויטער חתן.

עס ברענט דער פראסט, די בוימער שטעהען
ווי אין תכריכים אנגעטהאן...
ווי אין א שדים־רומפעל דרעהט זיך
דער ווינד, כאפט אויף די ווייסע פאהן

און פאטשט און פלאטערט אין דער לופטען...
די וויגע קלאנגט און ברומט, און זידט...
און אין דער פינסטער קלינגט פון קבר
א ליעד, א ווילד און שרעקליך ליעד:

„— אאו! אאו!... פליה, פליה, מיין קלאנג־ליעד,
אויף בארג און טהאל, אויף וואלד און טייך!...
חברים ליעבע! ברידער מיינע!
אאו!... איך ליעג אוןווארט אויף אייך...

„איך ליעג, פערוויעגט אין זיסען חלום...
די נאכט — זי ציהט זיך אהן א עק...
ניט ברייט, ניט לאנג איז מיין געלעגער,
צו־שווער אביסעל איז מיין דעק...

„נאר שטעהט... ווארט אויס... איהר קענט מיין כּלה? —
מיין גאלדען הארץ, מיין זיסע טרייסט,
מיין קרוין, די בּת־מלכּה די קלארע?
און ווייסט איהר, ווייסט איהר, ווי זי הייסט?

„א הארץ, געוועבט פון טהוי און שטראהלען,
פון יוגענד־פרייד, פון פריהלינגס־לופט;
די אויגען איהרע זיינען בּליצען,
דער אטהעם — ריינער בּלומען־דופט.

„זי געהט — און שטיינער זינגען שירה
מיט פּעריל שיט דער וואסערפאל;
פון יעדען בּליק בּליהט־אויף א ווינשטאק,
אויף יעדען טריט פּליסט־אויף א קוואל.

„דער ווייסער וואלקען איז איהר זעגעל,
דער רעגענבּויגען איז איהר בּריק...
אך, זאגט־זשע, זאגט — איהר קענט מיין כּלה,
מיין גאלדען הארץ, מיין טרייסט, מיין גליק?

„אין „העלדען־גייסט" איז איהר געבּורטס־ארט
אין „קאמפּף און זיעג" איז איהר געצעלט...
„פּרינצעסין־פרייהייט", „פאלקס נשמה"
און „פאלקס־גליק" הייסט זי אויף דער וועלט...

„איך בין געווען איהר חתן... הערט איהר?
ס'איז אלץ געווען מיר ליעב און גוט, —
איך האב מיט פרייד פאר איהר געאפפערט
מיין הארץ, מיין גייסט, מיין מארך, מיין בלוט...

„דער טאטע האט מיך אבגעוואשען,
ווי צו דער חופה צוגעגרייט;
די מאמע האט א העמד א נייע,
א שניי־ווייסע העמד 'מיר אויפגענייהט;

„די פושקע האבען ווי כלי־זמרים
געשפיעלט דעם חתן „מזל־טוב"...
פערהיילט געווארען אלע וואונדען...
א גוטע נאכט! א זיסער שלאף!...

„און קדיש זאגט נאך מיר דער זיידע,
ס'זאל שטיל און זיס מיין רוה מיר זיין...
נאר וואס־זשע וויינסטו, אלטער זיידע,
פערברעכסט די הענד מיט קלאג און פיין?

„צו אפשר מיינסטו ווירקליך טאקע,
אז איך בין טויט?!... ניין, זיידע, ניין!
איך לעב, איך לעב! איך פיהל! איך צאפעל!...
אוים קדיש זאגען! אוים געויין!...

„איך לעב און פיהל נאך הייסער, טיעפער
ווי פריהער, פול מיט העלדען־מאכט;
איך קוק מיט טויזענד העלע אויגען
גליה־דורך די קאלטע, טויטע נאכט!...

„איך אטהעם איצט מיט טויזענד בריסטען;
אין טויזענד הערצער קאכט און זידט
מיט האס און צארען, קראפט און גלויבען
מיין בלוט, מיין קללה שאלט און פליהט.

„און פלאמט און פלאקערט אין דער לופטען...
איך האפ ארום מיט טויזענד הענד,
צובייג, צוריים די אלטע קייטען,
צוברעך, צעווארף די אלטע ווענד!...

„ווארט, עלענד פאלק, דו, מלך־אביון!
פערשטיק דיין לייד, האלט איין דיין קלאג,
ס'וועט אויפגעהן דיין נחמה־שטערען,
ס'וועט קומען דיין דערלייזונגס־טאג!“...
. . . . . . . . . . . . . . . . . .
עס ברענט דער פראסט... די בוימער סקריפען...
דער בייזער וויכער רוישט און זידט...
איהר, אלטע, עלענדע און קראנקע,
איהר הערט דעם טויטען חתן'ס ליעד?...

# סקיצען.

I.

אבגעטהן זיין תלין־ארבייט,
פאהרט זיך פרעהליך, ווי פון באל,
מיט א ראפּארט צו נאטשאלסטווא
דער אדעסער גענעראל.

אינ'ם ראפּארט איז בעשריבּען
אלץ — ווי פלייסיג דריי מעת־לעת
האבּען הייסע רויטע שטראמען
זיך געגאסען אין אדעס;

וויפיעל מענשען דארט דער'הרג'ט,
וויפיעל הייזער אבגעברענט, —
און עס טריפט נאך אהן אנ'אויפהער
יודיש בּלוט פון זיינע הענד,

און ביי איהם אין הארצען קאכט נאך,
זידט דער קוואל פון גיפט און גאל...
מיט'ן ראפּארט צו נאטשאלסטווא
קומט דער פיינער גענעראל;

און נאטשאלסטווא קושט און האלזט איהם,
ניט א טיעפען דאנק איהם אב...
קַיִנ׳ס זכות און המן׳ס גדולה
זאלען רוהען אויף זיין קאפּ!..

*

* *

ניידגארט פאהרט. באסיאקעס טאנצען,
דער המון, דער ווילדער פלעבּס
שרייט „אורא!" און אויף דער קעלניע,
אויף דער קעלניע זיצט הערר קרעפּס.

ער ראבינער דער אדעסער
פיהלט זיך גוט, אהן פורכט און שאנד,
און ער האלט מיט שטאלץ און ליעבע
א נאגייקע אין דער האנד:

איך בין – זאגט ער – א „קאזיאנער",
זיץ ביי יודען אויבען־אן,
דארף איך הערען, מוז איך פאלגען
וואס נאטשאלסטווא הייסט מיר טהאן"...

און מיט פרומע חנופה־אויגען
רוהיג קוקענדיג אויף דעם
ווי דער תלין גליהט די צוואנגען
דריקט און דריקט צונויף די קלעם,

שרויפט די יודישע נשמה
אינ'ם גרויסען, שווערען פרעס,
„ירום הודו! ירום הודו!"
זינגט דער תכשיט פון אדעס..

II.

זאגט, רבותים, וואס איהר ווילט אייך —
מיט א נוסח, מיט א סדר
געהט און קייקעלט זיך דאס וועלטיל
ווי אויף רעדער, ווי אויף רעדער.

פון די גאסען אבגערייניגט
די פערוואַנדעטע און טויטע;
קדיש־יתום קלינגט — און ווידער
פלאטערט, וועהט די פאהן די רויטע.

ביי דעם ליטויער, ביי'ם פאליאק,
ביי'ם גרוזינער, פריי און אפען,
קאכט און זידט די גרויסע ארבייט,
ניט אויף פרעמדע הילף צו האפען!

„אונזער געגענד!" זינגט שירה פינלאנד
מיט א טיעפען, העלען פלאקער.
וואס־זשע טהוט דאס פאלק ישראל,
גאט'ס בן־יחיד, גאט'ס בן־יקיר?

גאט'ס בן־יחיד וואוינט אין שכנות,
דאנקען גאט, בײ גוטע מענשען:
מיט'ן לעט פעררוקען טשאלענט
אין זײן אײווען; אתרוג בענשען

מיט'ן פאליאק אין זײן סוכה.
דא מיט דעם און דארט מיט יענעם
כלים כשר'ן אויף פסח;
ברענען, גליהען ווי אין גיהנום;

מיט די הוילע הענד פון פײער
קוילען שארען; זידען, קאכען,
אין שאול־תחתיה קריכען
מיט'ן שכן, מיט'ן שכן;

און אלײן? אלײן, ווי פריהער,
מיט פערמאכטע, בלינדע אויגען
שטעהן און דיענען אלס א ציעל־פונקט
פאר דעם שונא'ס פײלענבויגען;

בלוט פערגיסען מעהר פון אלע,
אנגסט און וועהטאג טיעפער פיהלען —
און ניט זיין אימשטאנד בעוויזען
זעלבסט־בעגעהר און אייגען ווילען.

צו דעם חי־וקים „פראזבעס"
אויפ'ן אלטען שטייגער שרייבען;
און אויף ברויט און אויף תכריכים
ביי דער וועלט נדבות קלייבען —

דאס איז אונזער אלטער מנהג:
טיעף אין אונזער לעבען זיצט ער,
און בעשיינט אונז און בעקרוינט אונז
ווי אמאל, אזוי אויך איצטער.

פון די גאסען אבגערייניגט
די פערוואונדעטע און טויטע;
קדיש־יתום קלינגט און וויעדער
פלאטערט, וועהט די פאהן די רויטע.

אין אמעריקא, אין פראנקרייך
און אין ענגלאנד און אין פרייסען
זיפצען יודען, זיפצען קריסטען,
שרייען גוואלד און קריעה רייסען.

און פערמאַטערט, איינגעהויקערט
אוּן פּעריאַמערט ווי א חוֹלה,
אין זאַמיאַטין פּערעאוּלאַק
זיצט און שוויצט די צדקה־גדולה.

דער זאַמיאַטין פּערעאוּלאַק
האָט אויף תּפלה און אויף צדקה
פון'ם ליעבען פאָלק ישׂראל
א חזקה, א חזקה.

תּפלה, צדקה און... סטאַטיסטיק!
און מען אַרבייט, קלייבט נדבוֹת,
און מען טרייסט זיך מיט בּטחוֹן
אויף זכות אבות, אויף זכות אבות.

תּפלה, צדקה און סטאַטיסטיק
מיט'ן אַלטען, גוטען סדר —
און עס דרעהט זיך אונזער וועלטיל
ווי אויף רעדער, ווי אויף רעדער!...

III.

(א בריוועל פון שטוינעווקע)

---

„... דזין־דזין־דזין!... דאס גלעקיל קלינגט...
דזין־דזין־דזין!... א שלעכטער ענין!...
און אין צימער קומט אריין,
קומט אריין א גאנצער מנין...
ברוך־הבא, פיינע געסט!
זיצט מיר וועלען זיך ניט קריגען.
וואס? אנ׳אביסן מאכען? אך,
מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען.
זוכען, טאפען דארף מען ניט,
ס׳ווארפט אליין זיך אין די אויגען:
נעהמט, א שטיינער, ליעבע פריינד,
דעם ל״ג־בעומר פיילענבויגען,
וואס מיט איהם פלעגט מאכען תל
מיין מלמד נחמן־ליפע
פונ׳ם שטן, פונ׳ם סם,
מיט זיין מאמען מיט דער קליפה...
באמבעס? ניין, אט איז א טויץ
כשר־קויהלען. ראסט און שימעל

ליענט אויף זיי; נאר גליהט זיי אן —
שלאגט א פארע ביזן הימעל!...
פראקלאמאציעס? דריי שטיק
פון דער סטרא דימינא:
א מזוזה ביי דער טהיר
מיט א מזרח — א קארטינע —
אויף דער וואנד, — און אויף דער ברוסט,
גאנץ נאטשאלסטווא אויף צו להכעים,
אהן א רשיון פון צענזור
א קמיע פון קדחת!!...
באריקאדעס, פרעגט איהר? יא,
ס'ווייסט די גאנצע וועלט אודאי,
אז דער עירוב אויף דער גאס
איז מיין בעסטע באריקאדע
און מיין שטארקסטע הילף און שוץ
פון רציחות און פאגראמען...
„גלות" הייסט מיין פאטערלאנד,
„כל ישראל" איז מיין נאמען...
און דער המן־קלאפער קלאפט,
און, אויף פחד אלע שונאים,
פלאטערט די הקפות־פאהן —

דגל מחנה הקבצנים!...
אהן א קייט בין איך געשמידט,
אהן א שטריק בין איך געבונדען.
ווער עם זיצט, און איך – איך ליעג
אין געהאקטע ווּאונדען"!...
– – – – – – – – – – –
„– אך, דאס אלטע קלאג־ליעד"!...
ניין!
ניט פערהאסט די שוואכע טרעהרען...
שרעקליך איז דער דארנען־קראנץ,
ווּעלכער שטעכט דעם אלטען שטערן!...

.IV

פינסטער איז אין צימעריל,
פינסטער, איינג און קאלט,
שרעק און פיין און וועהטאג
דריקען יונג און אלט.

„– גיב אונז עסען, מאמע!" –
בעט דאס קראנקע קינד.
און פון קאלטען אייוועז
רוישט און זינגט דער ווינד:

„— וויינט ניט, ליעבע קינדערלעך,
שטיל און רוהיג זיצט:
ברויט איז צו טייער,
בלוט איז וואלוועל איצט"...

---

און עס פליהט דאס ווינדטעלע
אויפ'ן פרייען פעלד, —
דארט, וואו אויף דעם פרישען שניי
ליעגט דער טויטער העלד:

פוסט און שטום זיין עלענד הארץ,
זיינע אויגען בלינד,
און זיין לייב צורייסען
הונגעריגע הינד,

און די שווארצע קראהען
אויפ'ן ווייסען פעלד
קארקען „דע פראפונדיס"
אונזער טויטען העלד...

---

הארך! א קלאנג א ביטערער
נעהט פון היילינ ארט...
בלייבע וואנדעל־פייערלעך
צאנקען דא און דארט...

צאנקען, שוועבען, וויעגען זיך,
פלאקערען מיט מאכט...
די מצבות ציטערען
אין דער שטומער נאכט...

הערסט דעם קלאג דעם ביטערען
פונ'ם הייליג ארט?
מתים נאך די לעבעדיגע
זאגען קדיש דארט...

---

## V.

### דער „שלח מנות־טרעגער" און „די גוט־יום־טוב־בעטער".

(א בריוועל פון שמוינעווקע).

---

הו־הא! א טאג געוועזן — א יאהר!
נעבליבען שיעור אהן כוחות גאר,
בערעכענען — סכנות.
וואו ער איז אויסגעוועזן דעם טאג
און וויפיעל מאל, אהן מאס, אהן וואג,
געטראגען שלח־מנות.
ס'איז איהם געוועזן אי קאלט, אי הייס,
געברענט, געפרוירען און אין שווייס

געווייקט זיך און געבאדען.
אלץ פאר כּלי־קדש על פּי רוב:
געטראגען לעקעכלעך צום רב,
צום פּרנס־חדש פלאדען.
די שוחטים האבען זייער גאב
געהאט זיך: קישעלעך ווי באב
און המן־טאשען מאסען;
נו, פון מאראנצען רעדט מען ניט —
דעם שלח־מנות לויף און שיט
ווי האגעל אויף די גאסען!...
אי וואס? דער שׂכר איז ווערט א שפּיי?
געבליבען בארוועס פון דאס ניי
און ציטערט ווי פון פיעבער
זאגט, ברידער, וואס איהר ווילט איך דארט —
א „כּלל־טהוער״ געוועזען פארט,
געדיענט „לצרכי צבור״!...

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

און איצט?... אוים פּורים! אנגסט און נויט
צושפּרייט ווי שאטענס פון׳ם טויט!
דער אלטער, שווארצער גלות...

ווי פריהער בלאזט דער קאלטער ווינד
ווי פריהער רייסען בייזע הינד
די לעבערדיגע פאלעם...
דערפאר איז איצט א גוטע צייט
פאר די בעריהמטע, פיינע לייט,
פאר די גוט־יום־טוב־בעטער —
אויף „ברכה״ געהן אהין, אהער,
צו א מחותּן, צו א שוואָער
און צו א רייכען פעטער,
און אויפ'ן אלטען שטייגער דארט
א ביסעל יי״ש, א ברעקיל טארט
בעקומען פון שירַיִם...
אח, דאס גוט־יום־טוב־בעטען געהן
איז אונז פון אייביג ליעב געווען
און איז ליעב עד־היום...



# דער נייער ראבינער.

(א באָבע־מעשה)

אין בן דוד בא אלא בדור
שכולו זכאי או שכולו חיב.

משיח וועט קומען נאָר אין אזא
דור, ווען עס וועלען זיין אָדער
אלע צדיקים אדער אלע רשעים!

(א גמרא).

---

אין פּיצריווקע, דארט
וואו עס האבען זיך יודען
געלעבט פון פארצייטען
אין פריינדשאפט און פריעדען.

געפיהרט זיך אין אלץ
נאכ'ן יודישען ארט
און נאר אויף משיח'ן
רוהיג געווארט.

האט פּלוצים זיך עפּעס
אזוינס אנגעהויבען.
וואס נעהמען אין פלוג
איז דאס גאר ניט צו גלויבען.

פון אנפאנג איז עפּעס
א מין יונגענמאן
ארויף אויפ'ן זין
נאר א קונציגער פּלאן:

דהיינו — א שקאלע
אין פּיצריוועקע מאכען,
און לערנען — פערשטעהט אידר דאך
וואס'ער סארט זאכען.

דערנאך האט מען — כ'קאן איך ניט
זאגען פאר וואס
און ווער — אויף די מקוה
דערלאנגט א דאנאס;

געקומען דער דאקטאר,
דערנאך דער קווארטאילנע,
בקיצור, מען האט זי
פער'חתמ'עט פארמאילנע.

פער'חתמ'עט — און נאר ניט,
גאנץ שעהן און גאנץ פיין:
מען קינדעלט זיך, גלייך
ווי עס דארף אזוי זיין,

אין גיבען נאך דעם
דריי מנינים פערשלאסען,
און טאקע, פערשטעהט איהר מיך,
אויך פון דאנאסען.

דערנאך... נאר דערצעהלען אייך
קורץ — ס'איז אין שטאדט
געווארען פאריאדקעס
צו שאנד און צו שפאט:

מיט זאנטיקלעך שבת
שפאציערען זיך ווייבלעך,
אראב די פאריקעס,
פערווארפען די הייבלעך,

אין חדר געהען יונגלעך
ליענט גאר ניט אין קאפ:
טרפניאקעס ווי מיסט
און גילותים ווי באב;

ניט נעהמען א ספר
אין האנד אויף א ווייל,
ניט הערען א מגיד,
ניט פרעגען א שאלה,

נעווארען — האטש נעהם
אלע שוהלען פערשפאר —
א קלויז דער טהעאטער,
א שוהל דער בולוואר;

ווער דאווגען, וואס פאסטען,
ווער האלט פון דעם ענין!
אפילו צו שחרית
איז זעלטען א מנין;

מען זיצט מיט די קארטען
אין קלוב גאנצע נעכט;
ניט שבת, ניט יום־טוב...
בקיצור, ס׳איז שלעכט,

שלעכט, ברידער! וואס זאל איה דא
ברייגגען אייך ראיות —
דורכאוים אפיקורסים
און פשוט הולטאיעכ

גאר אויסגעטהון, ממש,
געמאכט א מחק
פון אסור ומותר,
בכלל פון תרי״ג.

און וואו? גוואלד, אין פּיצדריוזקע!
סטייטש, אין א מקום
וואו ס'פּלעגט יעדעם יונגעל,
חאטש שנייד איהם און בּראק איהם

ניט אבּטרעטען, זאג איך אייך,
ממש א טריט
פון דעם וואס פאר גאט
איז מחויב א יוד

און וואו סזוואלט געווארען
א דור שכּולו זכּאי
ווען סזוואלט ניט געווען
נאר די איינציגע מכּה —

דער וויסטער אפּטייקער —
איין יוד נאר אין שטאדט —
וואס האט ניט געוואלט
גאר ניט וויסען פון גאט,

ניט דאווענען, ניט פאסטען
און חזיר מיט ראקעס
נעגעכען כּמנהג
פון אלע טרפניאקעס...

איצט אבער... וואס טהוט מען? —
א יאהר האט געטראכט
דער עולם אין שטעדטיל
און איינמאל פארנאכט

(כ׳ תמוז, איך זאל אייך
ניט זאגען קיין ליעגען)
בשעת אין פיצריוועקע
מעלקט מען די ציעגען,

א הסכם געמאכט
גאר ניט נאריש: היות,
אזוי ווי די זינד
זענען שרעקליך שוין גרויס

און ווארטען, ס׳זאל וויעדער
א דור שכולו זכאי
דא ווערען, געשיקט זיך דאך
גאר ניט; איז טאקע

דאס בעסטע, אז די
וואס זיי האבען אין שטאדט
ביז איצט נאך א ביסעל
געהאלטען פון גאט,

פון יודישקייט; זאלען
די תורה פערשטערען,
עס זאל שוין א דור
שכולו חיב דא ווערען

און — ווי די גמרא זאגט —
זעהענדיג דאס,
זאל קומען משיח —
און אוים, מילא וואס?...

גערעדט און געטהון,
איהר פארשטעהט, אז אין ברירה
האט יעדער געמוזט דאך שוין
טהון אנ׳עבירה.

אודאי, עס איז
לכתחילה געווען
ניט גרינג, אלא וואס?
דער, וואס סטארעט זיך, קען:

למשל: פעציא
פיש, לאקשען, און שפעטער —
א קוגעל מיט חלב,
און טאקע א פעטער...

מיט גענזען־שמאלץ ראקעס
געהאקטע; פאר נויט!
א פשוטע קאשע
פערפראזשעט מיט קנויט.

פע! — זאגט איהר? — ס'איז הערענדיג
גודנע געווארען?
איך וועל זיך, רבותים,
מיט אייך דא ניט ספארען.

אודאי, מען קאן פון דעם
ברעכען די גאל,
נאר וואס זאל מען טהון?
— ס'איז לטובת הכלל.

ניט הלכות אכילה —
נעהמט אנדערע זאכען
אבי נאר צו תרפה
דאס יודישקייט מאכען.

היינט יענע עבירות —
איהר שטויסט זיך דאך אן —
וואס זיי איז חוץ אלץ
גאר א תענוג צו טהון...

גאנץ גוט, אבער הערט
וואס עס האט זיך געטראפפען:
בשעת גאנץ פיצריוועקע
האט שוין גאר אפען

עבירות געטהון;
קליין און גרויס, יונג און אלט —
דערוויסט מען זיך אין שטדטיל —
וואס מיינט איהר? — א גוואלט.

איין יוד איז געבליבען,
וואס שרייט אין איין אטהעם:
ער וויל ניט, ער וויל ניט,
חאטש ברעך איהם און בראט איהם.

ער וויל ניט פערשטערען
דאס הייליגע געבאט;
זאל זיין וואס עס וויל,
ער פערלאזט זיך אויף גאט.

עס העלפט ניט קיין ריידען,
קיין פשט און קיין חקר...
און ווער איז דאס, מיינט איהר
געווען? — דער אפטייקער!!

יא, יא, ליעבע ברידער,
אט דער גראבער יונג,
וואס וואלט זיך אויף עברי
צובראכען די צונג,

פערגעסען שוין אלף־בית
כ'וויים וויפיעל יאהרען:
איז ער מיט אמאל
א בעל־תשובה געווארען.

א יוד טאקע נאר,
ווי מען זאגט, פערוויי־סארט:
האט אויפגעהערט גאלען
און שערען די בארד,

און רויכערען שבת
אין גאס פאפיראסען...
מען טענה'ט מיט איהם
מיט א יודישען לשון —

עס העלפט אבער ניט.
אזוי לאנג, אזוי ברייט —
דער פלאן איז געווארען
צו־נישט — איהר פערשטעהט?

אז באלד אויף משיחן
איז דער בטחון
אזוי ווי עס רעדט זיך,
געווארען צוקראכען.

היינט וואס טויג עבירות טהון?
ניין, — גאר פערקעהרט...
דער עולם האט באלד טאקע
גוט דאס בעקלערט,

האט אומגעקעהרט ווידער
די אלטע מנהגים,
דעם הייליגען סקלאד
מיט די דינים און סיגים —

מען דאווענט, מען לערענט,
מען קרעכצט און מען שוויצט,
מען ווארט אויף משיחן
דארט נאך ביז איצט.

היינט פרעגט זיך, וואס מאכט
דער געוועזענער רשע?
(איך מיין, דער אפטייקער)
רבותים, נישקשה:

ער האט אין גאנץ פּיצריווקע,
ברוך־השם,
פון דעמאלט ביי׳ם עולם
בּעקומען א שם,

מיט חברה־חיטים
טרינקט אפט ער לחיים,
און חאטש ס׳איז איהם הרבה
די עברי עד היום

אזוי ווי דעם גרעסטען
עם־הארץ אין שטאדט,
נאר דאס האט צום ענין
איהם גאר ניט געשאדט,

און חאטש אלע ווייסען
ביי איהם דעם חסרון —
אין פּיצריווקע איז ער
ר א ב י נ ע ר געווארען...



# א מעשׂה׳לע

## פון א געוועזענעם ערד־ארבייטער.

---

א דערפעל איז פערהאנגען,
עס הייסט באבראווי־קוט *);
אמאל איז דארט געשטאנען
מיין וויעגעלע... און גוט

און זיס איז מיר געגאנגען
אין יענער ליעבער צייט:
דארט האבען געלע זאנגען
גערוישט פון יעדער זייט.

דארט האט די גרינע בלעטער
א ווינטעלע געוויעגט;
א ליעבעס, זיסעס ווינטער
מיין יונגע ברוסט געקוויקט.

---

*) א יודישע קאלאניע ארום חערסאן, רוסלאנד.

עס הארעווען דארט יודען
פון קינדווייז ביז'ן טויט,
און עסען דארט אין פריעדען
א אייגען שטיקעל ברויט.

פערגאנגען זענען יאהרען,
איך בין פון דארט אוועק —
בין צוגעגרייט געווארען
נאר צו א אנדער צוועק:

ניט מיט דער סאחא געהען
פון ארימקייט און נויט,
און אקערען און זייהען
אלץ פאר דער שטיקעל ברויט.

ניין; שטארק איז ווי א צעדער
און שטאלץ מיין הארץ אין מיר;
מיין סאחא איז די פעדער,
מיין פעלד איז דאס פאפיר!

די פעדער איז מיין סאחא,
מיין פעלד איז דאס פאפיר,
און וואס פאר מזל־ברכה
איז אנגעגרייט פאר מיר!

— מען לעקט פון מיר די פינגער,
עס קלינגט מיט מיר א וועלט;
חאטש וואס איז, דאכט זיך, גרינגער —
מאך ליעדלעך און נעהם געלד.

יא, איך מאג זיין צופריעדען,
ניט ערגער ביזן טויט.
איינס פעהלט נאר, ליעבע יודען,
נאר איינס —
דאס שטיקעל ברויט!...



# גראף לעא טאלסטאי'ס ווערקע.

בעארבייטעט אין אידיש, פון ד. מ. הערמאלין.

---

**איוואן איליטש'עס טויט**, א שילדערונג איבער דעם איבערגאנג פון לעבען צום טויט, וואס מען דערקט און פיהלט אין דיא לעצטע מינוטען פון לעבען. 10

**איוואן דער נאר**, דיעזער בוך שילדערט פאר אונז בילד, א וועלכעס עפענט אויף אונזערע אויגען צו זעהן א נייע וועלט מיט נייע מענשען. 3

**איך און מיין מאן**, א שילדערונג איבער דער אונגלייכהייט אין פערהייראטהעטען לעבען, און וועלכע הייראטה עס פיהרט צו גליק, און וועלכע צו אונגליק. 5

**אננא קארענינא**, א שילדערונג איבער דיא ליידענשאפט פון א יונגע שעהנע פרוי, ווען זיא פאלט אריין צו אן עלטערן אבגעלעבטען מאן אונד פערליעבט זיך ענדליך אין א פרעמדען יונגען און שעהנעם מאן, וויא אזוי זיא ליעבט, ליידעט, געניסט פון איהר רייץ און פאלט ענדליך אלס אפפער פון דער ביטערער שלאנג—אייפערזוכט. 25

**טאלסטאי'ס ביאגראפיע**, א בעשרייבונג איבער זיין לעבען, ווירקען און איינפלוס איבער זיינע מיטמענשען, מיט א ביילאגע פון זיין בילד. 8

**מיין ווידוי**, א שילדערונג, צו וועלכען צוועק מענשען זיינען בעשאפען געווארען, לעבען אויף דער וועלט און ליידען צרות. 10

**מיין פריינדס פרויא**, א שילדערונג איבער דיא געמיינהייט און פערדארבענהייט וואס פאלשע ליעבע קען ארויסברייגנגען. 10

**דער נסיון**, א שילדערונג איבער דעם קאמפף פון אנשטאנד מיט אויסגעלאסענהייט, פון מאראל מיט פערדארבענהייט, און פון ערעלען מענשען־טומעה מיט ערניעדריגטער פרויען־שוואכקייט. 10

**פאליקושקא**, א בילד פון דעם בויערישען לעבען אין רוססלאנד. 10

**דיא פערפיהרונג**, א שילדערונג איבער אזא סארט לעבען, וואס איז פול מיט מענשליכער אויסגעלאסענהייט און פערדארבענהייט. 10

**דיא צוויי דורות**, א שילדערונג פון דעם רוסישען לעבען, איבער וויער אויפ־ פערהאלט בעלער, תחנות, ציגיינער פענץ און קארטען שפיעל, 10

**דיא קרייצער סאנאטא**, א שילדערונג איבער דער פערדארבענהייט אין פערהייראטהעטאן לעבען, עס ווערט בעוויעזען מיט פאקטען, או קיין אמת'ע ליעבע עקזיסטירט גאר ניט אין דער מענשהייט, עס איז נור בלויז ליידענשאפט, פאלשקייט און בעטרוג, 10

**קריעג און פריעדען**, אין דיעזען בוך ווערט געשילדערט דער בלוטיגער יאהר 1812, ויען נאפאלעאן האט איינגענומען גאנץ אייראפא, דיא מפלה פון דעם גרויסען קריעגס העלד אין מאסקווא, און דיא גאנצע פאליטיק פון אייראפא צו יענער צייט, דאס איז דער גרעסטער און בעסטער ראָ־ מאן וואס גראף טאלסטאי האט געשריעבען, 30

**תחית המתים**, א שילדערונג, וויא איין אלטער בעל־עברה'ניק ווערט א בעל תשובה און וויל גוט מאכען זיינע אלטע חטאים, 15

